# יידישע געשיכטע

## העפטן

פאַרן צווייטן לערן־יאָר
פון יידישער געשיכטע

פון

י. מ. גודלמאַן



פאַרלאַג מתנות ניו יאָרק

ארויסגעגעבן פון
פאַרלאַג „מתנות"
ביים
שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט

# YIDDISHE GESHICHTE

## Heft II

ערשטע אויפלאַגע, סעפּטעמבער, 1945
צווייטע אויפלאַגע, אָקטאָבער, 1945
דריטע אויפלאַגע, יאַנואַר 1950
פערטע אויפלאַגע, מאַי, 1954
פינפטע אויפלאַגע, יוני, 1959
זעקסטע אויפלאַגע, אויגוסט, 1965



Published by
FARLAG MATONES
22 East 17th Street
New York 3, N. Y.

Printed in U.S.A.

OGILVIE PRESS, INC., BROOKLYN 17, N. Y.




מאַפּע פון אַלטע יידישע ישובים אין אייראָפּע

1

# גריכישע הערשאַפט

דאָס יידישע לאַנד איז געווען אונטער דער פּערסישער הער־שאַפט אַרום צוויי הונדערט יאָר, ביז דער גריכישער קעניג, אַלעק־סאַנדער מוקדון (אַלעקסאַנדער דער גרויסער) האָט איינגענומען פּערסיע צוזאַמען מיט אַנדערע לענדער פון אַזיע. ארץ ישראל איז דעמאָלט אויך אַרונטערגעפאַלן אונטער דער גריכישער הערשאַפט.

אַלעקסאַנדער מוקדון האָט געלאָזט די יידן פריי אָפּהיטן זייער גלויבן און אַליין פאַרוואַלטן זייער לאַנד. ער האָט נאָר אַרויפגע־לייגט אויף זיי שטייערן.

עס ווערט דערציילט, אַז די יידן זיינען געווען אַזוי דאַנקבאַר אַלעקסאַנדערן פאַר זיין גוטסקייט צו זיי, אַז זיי האָבן אַלע יינגלעך, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין יענעם יאָר, אַ נאָמען געגעבן „אַלעקסאַנדער."

אַלעקסאַנדער מוקדון האָט אויך איינגענומען מצרים און האָט דאָרט אויפגעבויט די גרויסע שטאָט — אַלעקסאַנדריע. די שטאָט איז באַזעצט געוואָרן פון יידן און גריכן און אַלע האָבן דאָרט געהאַט גלייכע רעכט.

אַלעקסאַנדער איז אָבער איינגיכן געשטאָרבן. זיינע גענעראַלן האָבן צעטיילט צווישן זיך די גרויסע גריכישע אימפּעריע. איין גענעראַל, פּטאָלאָמיי, איז געוואָרן הערשער איבער מצרים און ארץ ישראל. אַ צווייטער גענעראַל, סעלעווק, האָט צוגענומען פאַר זיך סיריע און מעסאָפּאָטאַמיע.

די קעניגן פון מצרים (פּטאָלאָמייער) האָבן געהערשט איבער ארץ ישראל אַרום הונדערט יאָר. זיי האָבן גוט באַהאַנדלט די יידן, און האָבן זיך וויניק געמישט אין דער פירונג פון יידישן לאַנד. דער

## יידישע געשיכטע העפטן

כוהן גדול אין ירושלים פלעגט איינמאָנען די שטייערן און זיי אָפּ־שיקן צום קעניג אין מצרים.

איינער פון די פּטאָלאָמייער־קעניגן האָט אַרונטערגעבראַכט קיין מצרים זיבעציק יידישע געלערנטע פון ארץ ישראל און זיי האָבן איבערגעזעצט פאַר אים די תורה אויף גריכיש. עס ווערט דערציילט, אַז יעדער איינער פון די זיבעציק געלערנטע האָט געאַרבעט אויף דער איבערזעצונג אין אַ באַזונדער צימער. ווען זיי זיינען פאַרטיק געוואָרן, האָט מען אַלע איבערזעצונגען פאַרגליכן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זיינען ענלעך וואָרט אין וואָרט. די איבערזעצונג הייסט „סעפּטואַגינטאַ" — די איבערזעצונג פון זיבעציק.

נאָך דעם, ווי די פּטאָלאָמייער־קעניגן האָבן געהערשט איבער ארץ ישראל אַרום הונדערט יאָר, האָבן די סירישע קעניגן (די סעלעווקידן) באַהערשט דאָס יידישע לאַנד. די לאַגע פון די יידן איז דעמאָלט געוואָרן שלעכט. די סירישע קעניגן האָבן געוואָלט אַרויפצווינגען אויף די יידן דעם גריכישן שטייגער לעבן און דעם גריכישן גלויבן.

אין ארץ ישראל זיינען געווען רייכע יידן, וואָס האָבן געפירט האַנדל מיט די גריכן. די רייכע האָבן זיך אָפּגעלערנט אַ סך גריכישע מנהגים. זיי האָבן אָנגעהויבן רעדן גריכיש און זיך פירן ווי גריכן. זיי האָבן איבערגעביטן זייערע נעמען אויף גריכישע. אַזעלכע יידן, וואָס האָבן איבערגענומען דעם גריכישן שטייגער לעבן, האָט מען גערופן „העלעניסטן."

די מערסטע יידן אָבער האָבן ניט געקענט פאַרליידן די גריכישע פירונגען. די פרומע יידן האָבן זיך געשראָקן, אַז מיט דער צייט וועט די יידישע רעליגיע און קולטור אינגאַנצן פאַרגעסן ווערן. דער־פאַר האָבן זיי געפירט אַ שטענדיקן קאַמף קעגן די העלעניסטן. די פרומע יידן האָט מען גערופן „חסידים."

2

## דער אויפשטאַנד פון די חשמונאים

דער סירישער קעניג אַנטיוכוס עפּיפאַן האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן מוזן אָננעמען דעם גריכישן גלויבן. ער האָט

# יידישע געשיכטע העפטן

אויפגעשטעלט איבער גאַנץ ארץ ישראל סטאַטועס פון גריכישע געטער און האָט געצוואונגען די יידן צו ברענגען קרבנות צו זיי. אויך אין בית־המקדש איז אַריינגעשטעלט געוואָרן אַ סטאַטוע פון גריכישן גאָט צעאוס. פאַר ניט פאָלגן דעם קעניגס באַפעל און פאַר אָפּהיטן דעם יידישן גלויבן האָט מען די יידן באַשטראָפט מיט טויט.

די יידן האָבן זיך געשטעלט קעגן דעם קעניגס באַפעל. זיי זיינען געווען גרייט אוועקצוגעבן זייערע לעבנס, אָבער ניט צו בייטן זייער גלויבן. זיי האָבן געלערנט זייערע קינדער ניט צו שרעקן זיך פאַרן טויט. „בעסער צו זיין אַ טויטער העלד — האָבן זיי געזאָגט — איידער אַ לעבעדיקער שקלאַף.”

עס ווערט דערציילט, אַז אַ יידישע מוטער, חנה, האָט ניט געפאָלגט דעם קעניגס באַפעל. זי האָט געהאַט זיבן זין און האָט זיי געלערנט אָפּצוהיטן דעם יידישן גלויבן. מען האָט זיי אַלעמען געכאַפּט און געבראַכט צום קעניג. אַנטיוכוס האָט צוגערופן איין זון נאָכן צווייטן און האָט זיי געפּרואווט איבעררעדן, אַז זיי זאָלן זיך בוקן צום גריכישן גאָט. אָבער יעדער איינער פון די זין האָט מיט שטאָלץ געענטפערט אַנטיוכוסן, אַז ער איז גרייט צו שטאַרבן פאַר זיין גלויבן. די מוטער איז געשטאַנען דערביי און האָט צוגעזען, ווי מען האָט אירע זין אוועקגעפירט צום טויט. צום סוף האָט אַנטיוכוס באַפוילן אויך זי צו טייטן.

די פרומע יידן, די חסידים, האָבן זיך געגרייט צו מאַכן אַן אויפשטאַנד קעגן אַנטיוכוסן. איינמאָל איז אין דעם שטעטל מודעין אָנגעקומען אַנטיוכוסעס גענעראַל מיט אַן אָפּטיילונג גריכישע סאָלדאַטן. אין דעם שטעטל האָט געלעבט דער אַלטער כּהן גדול, מתתיהו, פון דער פאַמיליע חשמונאים. דער גריכישער גענעראַל האָט געפּרואווט איבעררעדן מתתיהון, אַז ער זאָל ברענגען אַ קרבן צום גריכישן גאָט. מתתיהו האָט זיך אָפּגעזאָגט. אַ ייד, אַ העלעניסט, איז צוגעקומען צום מזבח און האָט געוואָלט ברענגען דעם קרבן. מתתיהו האָט אַרויסגעכאַפּט דאָס מעסער פון דעם העלעניסטס האַנט און האָט אים דערשטאָכן. דערנאָך האָט מתתיהו זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן גריכישן גענעראַל און האָט אים אויך דערשטאָכן. דאָס איז געווען דער סיגנאַל פאַרן אויפשטאַנד.

# יידישע געשיכטע העפטן

מתתיהו האָט אויסגערופן: „ווער עס איז פאַר גאָט און פאַרן לאַנד זאָל קומען צו מיר!" זיינע פינף בראַווע זין און אַנדערע נאָכ־פאָלגער האָבן זיך באַלד אַרומגעשטעלט אַרום אים. זיי האָבן פאַר־טריבן די גריכישע סאָלדאַטן פון זייער שטעטל. זיי האָבן אָבער געוואוסט, אַז איצט וועט אַנטיוכוס ניט שווייגן. ער וועט זיכער שיקן אַ גרעסערע אַרמיי. זיי זיינען דערפאַר אַנטלאָפן און האָבן זיך באַהאַלטן אין די בערג. פון זייערע באַהעלטענישן זיינען זיי אָפט באַפאַלן אָפּטיילונגען פון דער גריכישער אַרמיי.

אין אַ יאָר אַרום איז מתתיהו געשטאָרבן. זיין זון, יהודה, האָט איבערגענומען די פירערשאַפט פון דעם אויפשטאַנד. יהודה איז געווען זייער אַ בראַווער מאַן. דאָס פאָלק האָט אים געגעבן אַ צונאָמען „המכבי" — דער האַמער.

אַ סך יידן זיינען צוגעשטאַנען צו יהודהן. ווען זיין אַרמיי איז געוואָרן גרעסער, איז ער אַרויסגעטראָטן אין אַן אָפענער מלחמה מיט די גריכן. דער קעניג אַנטיוכוס האָט געשיקט קעגן אים זיינע בעסטע גענעראַלן. יהודהס אַרמיי האָט אָבער געקעמפט מוטיק. כאָטש די יידישע אַרמיי איז געווען קלענער אין צאָל, האָט זי אָבער אַ סך מאָל צעשלאָגן די גריכן.

נאָך אַ לאַנגער מלחמה האָט יהודה אַרויסגעטריבן די גריכן פון דער הויפּט־שטאָט ירושלים. מיט גרויס פרייד איז יהודה אַריינ־געקומען אין דער הייליקער שטאָט. ער האָט אַרויסגעוואָרפן די גריכישע געטער פון בית המקדש און האָט ווידער איינגעשטעלט דאָס דינען צום יידישן גאָט.

אַכט טעג נאָכאַנאַנד האָבן די יידן געפייערט זייער זיג איבער זייערע שונאים. אין בית המקדש און אין די גאַסן האָט מען אָנגע־צונדן אַ סך ליכט. עס ווערט דערציילט, אַז אין בית המקדש האָט דעמאָלט געטראָפן אַ נס: מען האָט געזוכט בוימל אָנצוגיסן אין דער מנורה און מען האָט געפונען אַ קליין קריגעלע בוימל, גענוג אויף איין טאָג, אָבער דאָס ביסל בוימל האָט געברענט אין דער מנורה גאַנצע אַכט טעג.

פון דעמאָלט אָן איז ביי אונז פאַרבליבן אַ יום־טוב פון אַכט טעג — דער פריילעכער יום־טוב חנוכה. דאָס וואָרט „חנוכה" מיינט באַנייאונג, ווייל עס איז באַנייט געוואָרן דער בית המקדש. מיר

## יידישע געשיכטע העפטן

האַלטן דעם יום-טוב חנוכה אין אָנדענק פון דעם, וואָס אונדזערע עלטער־עלטער-זיידעס האָבן זיך באַפרייט פון דעם רשע אַנטיוכוס.

יהודה המכבי האָט געפירט ווייטערדיקע מלחמות מיט די גריכן. אין איינער פון די מלחמות איז יהודה געפאַלן טויט. יהודהס ברידער האָבן ווייטער געפירט דעם קאַמף פאַר פרייהייט, ביז זיי האָבן אינגאַנצן באַפרייט ארץ ישראל פון דער גריכישער הערשאַפט.

3

## די הערשאַפט פון די חשמונאים

אַכציק יאָר האָבן די חשמונאים געהערשט איבער ארץ ישראל. זיי האָבן אָפּגענומען ביי די גריכן אַ סך שטעט און האָבן אויסגע-ברייטערט די גרענעצן פון יידישן לאַנד.

איינער פון די חשמונאים, יוחנן הורקנוס, האָט איינגענומען דאָס לאַנד אדום, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט יהודה. די איינ-וואוינער פון אדום, די אדומים, פלעגן דורכלאָזן דורך זייער לאַנד פיינטלעכע אַרמייען, וואָס האָבן מלחמה געהאַלטן מיט יהודה. יוחנן הורקנוס האָט אַלע אדומים געמאַכט פאַר יידן.

יוחנן הורקנוס האָט איינגעפירט דעם סנהדרין. דאָס איז געווען דאָס העכסטע געריכט פון לאַנד. דער סנהדרין איז באַשטאַנען פון איין און זיבעציק (71) מיטגלידער. עס איז געווען איינגעפירט ביים משפטן, אַז פריער זאָלן זיך אַרויסזאָגן די מיטגלידער, וואָס האָבן געהאַלטן דעם באַשולדיקטן פאַר שולדיק. דערנאָך האָבן זיך אַרויס-געזאָגט די מיטגלידער, וואָס האָבן אים געהאַלטן פאַר אומשולדיק. דאָס איז איינגעפירט געוואָרן, כדי דער לעצטער איינדרוק זאָל זיין אַ גוטער פאַרן באַשולדיקטן. עס האָט זיך אויך געפירט אין דעם סנהדרין, אַז פריער האָבן אַרויסגעזאָגט זייערע מיינונגען די ייִנגערע מיטגלידער און דערנאָך — די עלטערע. מען האָט ניט געוואָלט, אַז די ייִנגערע זאָלן באַאיינפלוסט ווערן פון די עלטערע.

אין יענער צייט זיינען ביי יידן געווען צוויי פּאַרטייען: די צדוקים און די פּרושים.

## יידישע געשיכטע העפטן

צו דער פּאַרטיי צדוקים האָבן געהערט די רייכע, די רעגירונגס־לייט און אויך אייניקע פון די חשמונאים. ביי זיי איז דער עיקר געווען דאָס פּאָליטישע לעבן פון דער מלוכה.

די פּרושים — אָפּגעזונדערטע, אָפּגעשיידטע — האָבן זיך גע־פירט ווי די אַמאָליקע חסידים. זיי האָבן ניט געהאַלטן פאַר וויכטיק צו פאַרגרעסערן דאָס לאַנד דורך מלחמות. ביי זיי איז דער עיקר געווען אַכטונג צו געבן, אַז יידן זאָלן זיך ניט צונויפמישן מיט פרעמדע פעלקער און אַז עס זאָלן אָפּגעהיט ווערן אַלע געזעצן פון דער תורה. צו דער פּאַרטיי פון די פּרושים האָט געהערט די גרעסטע טייל פון יידישן פאָלק.

4

## די רוימישע הערשאַפט

די לעצטע חשמונאים האָבן אָנגעהויבן צווישן זיך אַ קריג איבער דער מלוכה־מאַכט. אין לאַנד האָבן זיך אָנגעהויבן אומרוען.

אין יענער צייט האָט זיך אין סיריע געפונען אַ רוימישע אַרמיי אונטער דער פירונג פון רוימישן גענעראַל, פּאָמפּיי.

די רוימער האָבן זיך באַנוצט מיט די אומרוען אין ארץ ישראל און האָבן אַרויפגעצוואונגען זייער הערשאַפט אויפן יידישן לאַנד.

די רוימער האָבן איבערגעגעבן די פאַרוואַלטונג פון ארץ ישראל צו אַזעלכע מענטשן, וואָס זיינען געווען פריינדלעך צו דער מלוכה פון רוים. איינער פון די מענטשן איז געווען הורדוס. ער האָט געשטאַמט פון די אדומים און איז מיט דער הילף פון רוים געוואָרן קעניג פון יהודה.

הורדוס האָט געוואַלט געווינען די ליבשאַפט פון יידישן פאָלק. ער האָט צוליב דעם חתונה געהאַט מיט דער לעצטער פּרינצעסין פון דער חשמונאים־משפחה, מרים. ער האָט אויך איבערגעבויט און פאַרשענערט דעם בית המקדש.

## יידישע געשיכטע העפטן

די יידן האָבן אָבער פיינט געהאַט הורדוסן, ווייל ער איז געווען א שלעכטער, ברוטאַלער מענטש. ער האָט יעדן איינעם פון זיין פאַמיליע חושד געווען, אַז מע וויל אים אַרונטערזעצן פון טראָן. ער האָט אויסגעהרגעט זיין גאַנצע פאַמיליע, — זיין פרוי און זיינע זין, פאַר מורא, אַז זיי ווילן אים טאָן שלעכטס.

נאָך הורדוסעס טויט האָבן די רוימער אַריינגעשיקט אין יהודה רוימישע באַאַמטע — פּראָקוראַטאָרן. די פּראָקוראַטאָרן האָבן געדאַרפט האַלטן אָרדענונג אין לאַנד און איינמאָנען די שטייערן פאַר רוים. זיי האָבן אויך אַכטונג געגעבן, אַז עס זאָל ניט פאָרקומען קיין אויפשטאַנדן קעגן רוים.

# 5

## הלל און שמאי

אין הורדוסעס צייט האָבן געלעבט צוויי גרויסע יידישע געלערנטע — תנאים — הלל און שמאי.

הלל איז געבוירן געוואָרן אין בבל. ווען ער איז נאָך געווען יונג, איז ער אָנגעקומען לערנען אין ירושלים. ער האָט דאָרט געליטן גרויס נויט. עס ווערט דערציילט, אַז איינמאָל איז ער שיר ניט פאַרפרוירן געוואָרן אויף טויט. עס האָט געטראָפן אַזוי: הלל איז געווען צו אָרעם צו באַצאָלן פאַרן לערנען אין דער ישיבה. ער איז אַרויפגעקראָכן אויפן דאַך פון דער ישיבה און האָט צוגעלייגט זיין אויער צום דאַך־פענצטערל צו הערן די רייד פון די לערער. דערווייל האָט אָנגעהויבן שנייען. הלל האָט ניט באַמערקט, ווי ער ווערט איינגאַנצן פאַרדעקט מיט שניי. ער איז אַזוי געלעגן, ביז ער האָט אָנגעהויבן פאַרפרוירן צו ווערן. צום גליק האָט אַ לערער אַ קוק געטאָן צום פענצטערל און דערזען הללן. מען האָט אים אַרונטערגענומען אַ האַלב־פאַרפרוירענעם און אָפּגעראַטעוועט. פון דעמאָלט אָן האָט מען אים דערלויבט לערנען אין דער ישיבה אָן געצאָלט.

שפּעטער איז הלל אַליין געוואָרן איינער פון די גרעסטע לערער (תנאים). ער איז זייער באַליבט געוואָרן פאַר זיין מילדקייט און

געדולדיקייט. ער האָט געהאַלטן, אַז דער עיקר פון יידישן גלויבן איז די גוטע באַציאונג פון איין מענטשן צום צווייטן. ער פלעגט שטענדיק זאָגן: „טו ניט דעם צווייטן דאָס, וואָס דו ווילסט ניט, אַז ער זאָל דיר טאָן.‟

פון הללן זיינען אונדז געבליבן אַ סך שפּריכווערטער, וואָס דריקן אויס אַ טיפע מאָראַל: „משפּט ניט דיין חבר, ביז דו געפינסט זיך ניט אין זיין לאַגע‟; „אויב איך וועל זיך אַליין ניט העלפן, ווער וועט מיר העלפן?‟; „ווער עס וויל באַרימט מאַכן זיין נאָמען, פאַרלירט זיין נאָמען‟.

דער צווייטער תנא, שמאי, איז געווען אינגאַנצן אַנדערש. ער איז געווען אַ שטרענגער און האָט געלערנט, אַז דער עיקר פון יידישן גלויבן באַשטייט אין שטרענג אָפּהיטן אַלע געזעצן און רעליגיעזע צערעמאָניעס.

ביידע תנאים, הלל און שמאי, האָבן מיט זייער לערנען געוואָלט פאַרהיטן דאָס יידישע פאָלק פון דעם איינפלוס פון דרויסנדיקע פרעמדע געזעצן און מנהגים.

די תלמידים פון די צוויי תנאים האָבן זיך צעטיילט אויף צוויי שולן: בית הלל און בית שמאי. זיי האָבן געפירט צווישן זיך שטענדיקע דיסקוסיעס איבער פראַגעס פון געזעץ און איבער אויס־טייטשונגען פון די געזעצן פון דער תורה.

6

## די איסיים, ישו הנוצרי

די רוימישע פּראָקוראַטאָרן האָבן זייער שווער געדריקט דאָס יידישע פאָלק. די יידן האָבן אַנגעהויבן גלייבן, אַז גאָט שטראָפט זיי דערפאַר, וואָס זיי זיינען ניט גענוג פרום. עס איז אויפגעקומען ביי יידן אַ נייע סעקטע — די איסיים.

די איסיים זיינען געווען פרומע יידן. זיי האָבן זיך באַזעצט אין דערפער, ווייט פון די שטעט פון יהודה. דאָרט האָבן זיי געפירט אַ קאָמונאַל לעבן. זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון פאַרשיידענע פאַר־

## יידישע געשיכטע העפטן

גענייגנס, האָבן געגעסן פּשוטע עסנס, האָבן זיך אָפט געבאָדן אין טייך און האָבן שטאַרק אָפּגעהיט ריינקייט. זיי האָבן געגלייבט, אַז מיט זייער שטייגער לעבן וועלן זיי שנעלער ברענגען די אויסלייזונג פון די יידן פון זייערע שונאים. זיי האָבן געהאָפט, אַז גאָט וועט אַרונטערשיקן זיין משיח און באַפרייען דאָס יידישע לאַנד.

אייניקע איסיים זיינען אַרומגעגאַנגען איבער די דערפער פון גליל און האָבן גערופן דאָס פאָלק צו זיין פרום און תשובה טאָן. זיי האָבן אויך געהיילט קראַנקע מיט תפילות. עס זיינען געווען גלייביקע מענטשן, וואָס האָבן זיך אַנגעשלאָסן אין דער סעקטע איסיים.

אין יענער צייט האָט אין דער שטאָט נצרת געלעבט אַ מאַן מיטן נאָמען ישו. וועגן זיין לעבן ווייסן מיר זייער ווייניק. ער האָט ניט געשפּילט קיין באַזונדערע ראָלע אין יידישן לעבן פון יענער צייט. אַלץ, וואָס מע דערציילט וועגן אים, האָבן זיינע אָנהענגערס אָנגעשריבן אַ סך יאָרן נאָך זיין טויט.

ישו איז, ווי די אַנדערע איסיים, אַרומגעגאַנגען פון דאָרף צו דאָרף. ער האָט געהאַלטן דרשות (רעדעס) פאַר די דאָרפסלייט און האָט זיי געהיילט מיט תפילות. קיין נייס האָט ער דאָס פאָלק ניט געלערנט. ער האָט אָפטמאָל איבערגעחזרט די רייד פון די יידישע נביאים און פון די יידישע געלערנטע. אָפטמאָל האָט ער גערעדט מיט משלים. די פּשוטע דאָרפסלייט האָבן אָנגעהויבן קוקן אויף ישון ווי אויף אַ הייליקן.

מיט דער צייט האָבן ישוס אָנהענגערס אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן וועגן אים פאַרשידענע קלאַנגען. זיי האָבן דערציילט וועגן אים אַלערליי וואונדער. זיי האָבן אים גערופן „גאָטס זון" און געזאָגט, אַז ער איז געשיקט געוואָרן אויסצולייזן די מענטשן פון זייערע זינד.

די רוימער האָבן געקוקט אויף ישון ווי אויף איינעם פון די פרומע איסיים. ווען ער איז אָבער געקומען קיין ירושלים און האָט דאָרט אָנגעהויבן רעדן וועגן „גאָטס קעניגרייך אויף דער ערד," האָבן די רוימער אים באַשולדיקט, אַז ער זוכט מיט זיינע רייד אויפצורייצן די יידן צו אַן אויפשטאַנד קעגן רוים. זיי האָבן אים אַרעסטירט און געבראַכט צום רוימישן פּראָקוראַטאָר, פּאָנטיוס

פּילאַטוס. דער פּראָקוראַטאָר האָט אים פאַרמשפּט צום טויט, ווי אַ פאַררעטער, און ישו איז געקרייציקט געוואָרן.

ישוס אַנהענגערס האָבן אים שפּעטער גערופן מיטן גריכישן נאָמען: „יעזוס קריסטוס" — ישו דער משיח.

ביי זיין לעבן האָט יעזוס ניט געשאַפן קיין נייע רעליגיע. ער האָט שטענדיק גערעדט, אַז עס טאָר ניט פאַרלוירן גיין קיין איינציק אות פון דער תורה. אָבער מיט יאָרן שפּעטער, נאָך זיין טויט, האָבן זיינע תלמידים אָפּגעשאַפט אַ סך געזעצן פון דער תורה און די יידישע יום־טובים און האָבן געשאַפן נייע יום־טובים מיט נייע רעלי־גיעזע־צערעמאָניעס. מיט דער צייט האָבן זיי זיך אינגאַנצן אָפּגעריסן פון יידישן פאָלק און האָבן זיך אָנגעהויבן צו רופן „קריסטן".

## 7

## צווייטער חורבן

צווישן יידישן פאָלק זיינען געווען פּאַטריאָטן, וואָס האָבן גע־וואָלט באַפרייען דאָס לאַנד פון רוימישן יאָך. די פּאַטריאָטן האָט מען גערופן „קנאים".

דאָס פאָלק איז געווען זייער פאַרביטערט קעגן די רוימישע פּראָקוראַטאָרן, און די קנאים האָבן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַן אויפ־שטאַנד קעגן רוים. זיי האָבן שטאַרק באַפעסטיקט די שטאָט ירושלים און האָבן אָנגעגרייט גענוג עסנוואַרג און געווער.

דער ערשטער צוזאַמענשטויס מיט דער רוימישער אַרמיי איז פאָרגעקומען אין דער פּראָווינץ גליל. די פירונג פון דער יידישער אַרמיי איז איבערגעגעבן געוואָרן צו יוסף בן מתתיהו. ער איז שפּעטער באַרימט געוואָרן ווי אַ גרויסער היסטאָריקער אונטערן נאָמען יאָזעפוס פלאַוויוס. אין דער ערשטער שלאַכט איז די יידישע אַרמיי צעשלאָגן געוואָרן. די רוימער זיינען צוגעטראָטן צו ירושלים און האָבן זי באַלאַגערט. דער פירער פון דער רוימישער אַרמיי איז געווען טיטוס, דער זון פון רוימישן קייסער, וועספּאַסיאַן.

טיטוס האָט פאַרשפּאַרט אַלע וועגן, וואָס האָבן געפירט קיין ירושלים, און האָט ניט צוגעלאָזט קיין שפּייז. אַרום דער שטאָט האָבן די רוימער אויפגעשטעלט זייערע ברעך־מאַשינען. יידן האָבן



יידן ביים כותל מערבי

# יידישע געשיכטע העפטן

העלדיש פּאַרטיידיקט די שטאָט. עס האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט ביז די רוימער האָבן דורכגעבראָכן די שטאַרקע מויער־וואַנט אַרום דער שטאָט. דורך דער צייט האָבן די יידן אויפגעשטעלט אַן אינע־ווייניקסטע צווייטע וואַנט.

דערווייל איז אין שטאָט אויסגעגאַנגען די אָנגעגרייטע שפּייז. עס איז געוואָרן אַ שרעקלעכער הונגער. אַפילו די רייכסטע יידן האָבן נים געקענט קויפן קיין שפּייז. אין די גאַסן האָבן זיך גע־וואַלגערט טויטע קערפּערס פון די, וואָס זיינען געפאַלן פון הונגער. עס האָט אויסגעבראָכן אַ מגפה.

אָבער די באַלאַגערטע האָבן זיך נים געוואָלט אונטערגעבן. די רוימער האָבן ענדלעך דורכגעבראָכן די לעצטע וואַנט. זיי האָבן זיך אַריינגעריסן אין שטאָט און האָבן אויסגעהרגעט טויזנטער יידן. די קנאים האָבן זיך צוריקגעצויגן צו דער פעסטונג פון בית־המקדש, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ באַרג. די רוימער האָבן זיי אַרומ־גערינגלט און האָבן אָנגעהויבן שליידערן ברענענדיקע שטיקער האָלץ אויפן דאַך פון בית המקדש. דער דאַך האָט זיך אָנגעצונדן. די רוימער האָבן אַ סך פון די קנאים אויסגעהרגעט און אַנדערע גענומען געפאַנגען.

די רוימער האָבן צעשטערט דעם צווייטן בית המקדש אין דעם זעלביקן טאָג, וואָס דער ערשטער בית המקדש איז צעשטערט געוואָרן פון בבל מיט זעקס הונדערט זעקס און פופציק (656) יאָר צוריק, אין טאָג פון תשעה באָב. פון דעם צווייטן בית המקדש איז געבליבן שטיין בלויז די מערב־וואַנט (כותל מערבי). די וואַנט שטייט נאָך ביז היינטיקן טאָג. פרומע יידן פון דער גאַנצער וועלט קומען צו דער וואַנט בעטן גאָט.

די רוימער האָבן אַוועקגעפירט טויזנטער יידן אויף די מערק פון מצרים און האָבן זיי דאָרט פאַרקויפט פאַר שקלאַפן. אַנדערע טויזנטער האָבן זיי געשמידט אין קייטן און אַוועקגעפירט ווי גע־פאַנגענע קיין רוים.

טיטוס האָט אַריינגעמאַרשירט קיין רוים ווי אַ זיגער, פירנדיק די געשמידטע געפאַנגענע יידן. די רוימישע סאָלדאַטן האָבן געטראָגן די טייערע גאָלדענע, זילבערנע און קופערנע כלים פון בית המקדש. אין דער שטאָט רוים איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ טריאומף־טויער

לכבוד דעם זיג איבער יהודה. דער טויער שטייט נאָך ביז היינט. עס זיינען אויך אויסגעגאָסן געוואָרן ספּעציעלע מטבעות, וואָס האָבן געוויזן די געפאַלענע יהודה און דעם רוימישן קייסער, וועספּאַסיאַן.

ארץ ישראל איז געוואָרן אַ רוימישע פּראָווינץ. פון דעמאָלט אָן האָט דאָס יידישע פאָלק פאַרלוירן זיין אומאָפּהענגיקייט.

די צעשטערונג פון יידישן לאַנד און פון צווייטן בית המקדש הייסט „צווייטער חורבן”. דאָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 70 לויט דער איצטיקער צייט־רעכענונג.

## 8

## רבי יוחנן בן זכאי

רבי יוחנן בן זכאי איז געווען איינער פון די גרעסטע תנאים אין ירושלים אין דער צייט, וואָס די רוימער האָבן באַלאַגערט די שטאָט. ער האָט געהאַט אַ סך תלמידים. ער איז אַליין געווען אַ תלמיד פון דעם גרויסן תנא הלל. פון דער נאַטור איז רבי יוחנן געווען אַ מילדער און אַ גרויסער ליבהאָבער פון שלום. ער איז געווען קעגן דעם, אַז יידן זאָלן מאַכן אַן אויפשטאַנד קעגן רוים. ער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז די יידן זיינען צו שוואַך קעגן רוים, און אַז אַן אויפשטאַנד וועט קאָסטן אַ סך יידישע לעבנס און וועט פירן צום אונטערגאַנג פון יידישן לאַנד.

די קנאים האָבן זיך אָבער ניט געוואָלט צוהערן צו רבי יוחננס רייד. ער האָט דערפאַר באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די שטאָט ירושלים.

אַרום די טויערן פון ירושלים זיינען אָבער געשטאַנען וועכטער און האָבן קיינעם ניט אַרויסגעלאָזט פון שטאָט. דערפאַר האָבן רבי יוחננס תלמידים פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז זייער רבי איז פּלוצלונג געשטאָרבן. אין דער הייליקער שטאָט האָט מען ניט באַגראָבן קיין טויטע. די תלמידים האָבן אַרויסגעטראָגן זייער רבין אין אַ קאַסטן אויסער דער שטאָט. רבי יוחנן איז געקומען צו טיטוסן. דער רוימי־שער קריגספירער האָט געוואוסט, אַז רבי יוחנן איז געווען קעגן דעם אויפשטאַנד. ער האָט פריינדלעך אויפגענומען דעם יידישן געלערנטן. רבי יוחנן האָט זיך באַנוצט מיט דער פריינדלעכער

## יידישע געשיכטע העפטן

אויפנאַמע און האָט געבעטן ביי טיטוסן די דערלויבעניש צו עפענען אַ ישיבה אין דער שטאָט יבנה.

טיטוס האָט אים געגעבן די דערלויבעניש, און רבי יוחנן האָט זיך באַזעצט מיט זיינע תלמידים אין יבנה.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז קיין יבנה אָנגעקומען די טרויעריקע נייס, אַז די רוימער האָבן איינגענומען ירושלים, און אַז דער בית המקדש איז אין פלאַמען. רבי יוחנן און זיינע תלמידים האָבן צעריסן אויף זיך די קליידער און האָבן ביטער געקלאָגט. אַלע האָבן געגלייבט, אַז איצט איז געקומען אַ סוף צום יידישן פאָלק. אַלע האָבן געפרעגט, ווי אַזוי וועלן די יידן איצט קענען ווייטער לעבן ווי אַ פאָלק, ווען גאָטס הויז איז חרוב געוואָרן? אָבער רבי יוחנן האָט זיי דערקלערט, אַז דער בית המקדש און דאָס ברענגען קרבנות זיינען ניט דער עיקר. וויכטיק איז ווייטער צו לעבן און זיך פירן לויט די געזעצן פון דער תורה.

רבי יוחנן האָט געעפנט אַ ישיבה צו לערנען די תורה. ער האָט אויך געגרינדעט אין יבנה דעם סנהדרין, דאָס גרויסע געריכט. דער סנהדרין האָט געשאַפן געזעצן פאַרן פאָלק. די געזעצן, וואָס דער סנהדרין האָט געשאַפן, האָט מען פון יבנה צעשיקט אין אַלע שטעט פון סיריע און בבל, וואו עס האָבן געלעבט יידן. דער סנהדרין האָט אויך באַשטימט געגעוי די חדשים און טעג פון די יידישע יום-טובים.

אַנשטאָט קרבנות זיינען איינגעפירט געוואָרן תפילות. עס איז אויך איינגעפירט געוואָרן די צערעמאָניע ווען די כוהנים בענטשן דאָס פאָלק (דוכענען), און אַנדערע מנהגים.

פון דעם גרויסן תנא, רבי יוחנן בן זכאי, זיינען אונדז פאַרבליבן, ווי פון זיין רבי הללן, אַ סך שיינע שפּריכווערטער. פון זיי באַקענען מיר זיך מיט רבי יוחננס מילדער און פריינדלעכער נאַטור.

עס ווערט דערציילט, אַז רבי יוחנן האָט איינמאָל געפרעגט זיינע תלמידים, וואָס איז דער בעסטער וועג, וואָס דער מענטש זאָל פאַר זיך אויסקלייבן. איין תלמיד האָט געענטפערט: „אַ גוט אויג," אַ צווייטער: „אַ גוטער חבר," אַ דריטער: „אַ גוטער שכן." דער לעצטער תלמיד האָט געזאָגט: „אַ גוט הארץ." רבי יוחנן האָט געזאָגט, אַז דער לעצטער איז גערעכט, ווייל אַ גוט הארץ איז שוין אַלץ.

## יידישע געשיכטע העפטן

רבי יוחנן האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויפן לעבן פון יידישן פאָלק פון זיין צייט און פון שפּעטערדיקע צייטן. ער האָט אונדז געלערנט, אַז אַזוי לאַנג ווי יידן וועלן לערנען און אָפּהיטן די געזעצן פון דער תורה, וועלן זיי בלייבן לעבן ווי אַ גאַנץ פאָלק, ווייל לערנען איז די נשמה פון אַ פאָלק.

מיט דער צייט זיינען קיין יבנה זיך צונויפגעקומען אַ סך אַנדערע תנאים און דאָרט איז געוואָרן אַ גרויסער יידישער צענטער.

9

## בר כוכבא און רבי עקיבא

צוויי און זעכציק יאָר זיינען אַוועק פון דער צייט, וואָס די רוימער האָבן פאַרוויסט ירושלים און פאַרברענט דעם בית המקדש. דער רוימישער קייסער, אַדריאַן, האָט שטאַרק געדריקט די יידן. ער האָט אַרויסגעגעבן שווערע גזירות קעגן די יידן. ער האָט אינגאַנצן פאַרבאָטן יידן אָפּצוהיטן זייער גלויבן און צו לערנען די תורה.

די גאַנצע צייט האָבן יידן ניט אויפגעגעבן זייער האָפענונג זיך צו באַפרייען פון דער רוימישער הערשאַפט. אין יאָר 132 האָט זיך באַוויזן דער יידישער העלד, בר כוכבא. ער האָט אָנגעהויבן צוצוגרייטן דאָס פאָלק צו אַן אָפענעם אויפשטאַנד קעגן די רוימער. אַ סך יידן האָבן אָנגענומען בר כוכבאן פאַר משיחן. זיי האָבן געהאָפט, אַז ער וועט אָפּנעמען דאָס יידישע לאַנד און וועט צוריק אויפשטעלן דעם בית המקדש.

אין יענער צייט האָט געלעבט דער גרויסער תנא, רבי עקיבא. אין זיין יוגנט איז רבי עקיבא געווען אַ פּאַסטעך ביי דעם רייכן כלבא שבוע. כלבאס טאָכטער, רחל, האָט זיך פאַרליבט אין דעם אָרעמען פּאַסטעך און האָט מיט אים חתונה געהאַט קעגן איר פאָטערס ווילן. דער פאָטער האָט זי אַרויסגעטריבן פון זיין הויז און רחל מיט איר מאַן האָבן געלעבט אין גרויס אָרעמקייט. רחל האָט אָבער געוואָלט, אַז איר מאַן זאָל ווערן אַ געלערנטער. זי האָט אים

צוגערעדט אוועקצוגיין לערנען אין א ישיבה. עקיבא האט איבער־גלאזט זיין פרוי און האט זיך אוועקגעלאזט וואנדערן פון שטאט צו שטאט.

עקיבא האט זיך אנגעהויבן לערנען פון אלף־בית. עס זיינען אוועק יארן און דער פאסטעך, עקיבא, איז געווארן איינער פון די גרעסטע יידישע תנאים (געלערנטע). ער האט זיך צוריקגעקערט אהיים, צו זיין רחלען, און זיי האבן געלעבט גליקלעך. עקיבאן האט מען איצט שוין גערופן „רבי עקיבא". ער האט געעפנט אן אייגענע ישיבה. פון אלע עקן לאנד זיינען צו אים געקומען טויזנטער תלמידים.

ווען בר כוכבא האט אנגעהויבן ארגאניזירן דעם אויפשטאנד קעגן רוים, איז רבי עקיבא צוגעשטאנען צו אים און האט אים א סך ארויסגעהאלפן. ער איז ארומגעפארן איבערן לאנד און האט געוועקט דאס פאלק זיך אנצושליסן אין בר כוכבאס ארמיי און קעמפן פארן גלויבן און פאר פרייהייט.

דאס פאלק האט זיך צוגעהערט צו רבי עקיבאן. בר כוכבאס ארמיי איז געוואקסן. ענדלעך איז געקומען צו אן אפענער מלחמה. די רוימישע ארמיי האט איינגענומען איין פעסטונג נאך דער צוויי־טער. בר כוכבא האט זיך באפעסטיקט אין דער שטאט ביתר. די רוימער האבן א לאנגע צייט באלאגערט די שטאט און האבן זי ניט געקענט איננעמען. א פאררעטער האט אנגעוויזן די רוימער אן אונטערערדישן וועג אין שטאט אריין. זיי זיינען אריין אין שטאט און עס איז פארגעקומען א מוראדיקע שלאכט. בר כוכבא איז גע־פאלן טויט און די רוימער האבן אויסגעהרגעט זיין גאנצע ארמיי.

דער אויפשטאנד איז אונטערדריקט געווארן. די רוימער האבן אבער ניט געקענט פארניכטן דעם יידישן גייסט. די יידישע גע־לערנטע (תנאים) האבן ניט געפאלגט אדריאנס באפעלן. זיי האבן ווייטער פארזאמלט זייערע תלמידים אין פארבארגענע ערטער און דארט געלערנט מיט זיי. יעדער תנא, וואס די רוימער האבן געכאפט לערנענדיק מיט זיינע תלמידים, האט דערפאר באצאלט מיט זיין לעבן. צען גרויסע תנאים זיינען אויף אזא אופן אומגעקומען. די רוימער האבן צוגעטראכט שרעקלעכע טויטן פאר די תנאים. די אומגעקומענע צען תנאים רופט מען „עשרה הרוגי מלכות" — די צען, וואס זיינען געטייט געווארן פון קעניג.

איינער פון די עשרה הרוגי מלכות איז געווען רבי יהודה בן בבא. איינמאל האט ער צונויפגעקליבן זיינע תלמידים אין א טאל

## יידישע געשיכטע העפטן

אין האט דארט מיט זיי געלערנט. מיטאמאל האבן זיך באוויזן רוימישע סאלדאטן. רבי יהודה האט באפוילן זיינע תלמידים צו אנטלויפן און זיך ראטעווען. ער איינער אליין איז געבליבן אין טאל. די רוימישע סאלדאטן האבן אים דורכגעלעכערט מיט דריי הונדערט שפיזן.

אן אנדער תנא, רבי יוסי בן קסמא, האבן די רוימער איינגע-וויקלט אין א ספר תורה און אונטערגעצונדן. אויף דעם תנאס הארץ האבן די רוימער אוועקגעלייגט נאסע וואל, כדי צו פאר-לענגערן זיינע יסורים.

די שרעקלעכסטע שטראף האט באקומען רבי עקיבא. די רוימער האבן אים געכאפט און האבן אים א לאנגע צייט געהאלטן אין תפיסה. זיי האבן געוואלט, אז ער זאל זיך אפזאגן פון זיין גלויבן. ווען זיי האבן געזען, אז רבי עקיבא גיט זיך ניט אונטער, האבן זיי געלאזט רייסן זיין לייב מיט אייזערנע קאמען. רבי עקיבא האט רואיק איבערגעטראגן די שרעקלעכסטע יסורים. די רוימער האבן זיך געוואונדערט, ווי אזוי ער באגעגנט אזוי רואיק דעם טויט. זיי האבן געמיינט, אז רבי עקיבא איז א כישוף-מאכער. ער האט זיי אבער געזאגט: „איך בין ניט קיין כישוף-מאכער. מיין גאנץ לעבן האב איך געלערנט אנדערע ליב צו האבן אונדזער גאט מיטן גאנצן הארצן, מיט דער גאנצער נשמה. איצט איז געקומען די צייט, אז איך זאל אליין אפגעבן מיין נשמה פאר גאט — זאל איך דאס ניט טאן מיט ליבשאפט?"

רבי עקיבא האט אויסגעהויכט זיין לעצטן אטעם מיט די ווער-טער אויף זיינע ליפן: „שמע ישראל, אדוני אלוהינו אדוני אחד!" — הער, ישראל, גאט אונדזער גאט איז דער איינציקער גאט!

10

## רבי מאיר

נאך אדריאנס טויט האט זיך די לאגע פון די יידן פארבעסערט. דער נייער רוימישער קייסער האט אפגעשאפט אדריאנס גזירות, און יידן האבן וויטער געקענט אפהיטן זייער גלויבן פריי.

אין אדריאנס צייט זיינען א סך תנאים אנטלאפן קיין בבל.

# יידישע געשיכטע העפטן

אַנדערע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין היילן. איצט זיינען זיי אַלע צוריקגעקומען קיין ארץ ישראל. זיי האָבן ווידער געעפנט שולן און ישיבות.

צווישן די צוריקגעקומענע תנאים איז זייער באַוואוסט געוואָרן דער תנא רבי מאיר. דער נאָמען מיינט: „דער פאַרשפּרייטער פון ליכט.” רבי מאיר איז געווען אַ תלמיד פון רבי עקיבא. ער האָט געלערנט דאָס פאָלק און האָט באַפעסטיקט דעם יידישן גלויבן. ער פלעגט האַלטן דרשות (רעדעס) פאַרן פאָלק און אַלע האָבן אים זייער ליב געהאַט.

רבי מאירס ווייב, ברוריה, איז אויך געווען אַ געלערנטע און זייער אַ קלוגע. עס ווערט דערציילט, אַז רבי מאיר און ברוריה האָבן געהאַט צוויי קינדער.ביידע קינדער זיינען איינמאָל קראַנק געוואָרן. שבת אין דער פרי איז רבי מאיר אַוועקגעגאַנגען אין שול דאַוונען. ברוריה איז געבליבן אַליין מיט די קינדער. פּלוצלונג זיינען ביידע קינדער געשטאָרבן. ברוריה האָט ניט געוואָלט פאַרשטערן רבי מאירן די הייליקייט פון שבת. זי האָט איבערגעדעקט ביידע טויטע קינדער, האָט צוגעמאַכט די טיר פון צימער, וואו זיי זיינען געלעגן, און איז אַרויסגעגאַנגען באַגעגענען איר מאַן.

רבי מאיר האָט זיך צוריקגעקערט פון שול און האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף די קינדער. ברוריה האָט צוגעטראַכט פאַרשיידענע תירוצים. ווען דער שבת אין אַוועק, האָט ברוריה זיך געווענדט צו רבי מאירן און געזאָגט:

„רבי, מיט אַ צייט צוריק איז צו מיר געקומען אַ מאַן און האָט איבערגעלאָזט ביי מיר צוויי טייערע דימענטן. ער האָט מיך געבעטן זיי אָפּצוהיטן, ביז ער וועט קומען נאָך זיי. היינט איז ער צוריקגעקומען און האָט געפאָדערט, אַז איך זאָל זיי אים אומקערן. ווי אַזוי זאָל איך האַנדלען?”

„מיר איז אַ וואונדער — האָט רבי מאיר געענטפערט — וואָס דו פרעגסט אַזאַ פראַגע. זיכער דאַרפסטו זיי אים אומקערן!”

ברוריה האָט שווייגנדיק אַריינגעפירט איר מאַן אין דעם צימער, וואו עס זיינען געלעגן די צוויי טויטע קינדער. רבי מאיר האָט זיך ביטער צעוויינט. די קלוגע ברוריה האָט אים געטרייסט און געזאָגט: „געדענק, וואָס דו אַליין האָסט מיך געלערנט. גאָט

האָט אונדז געגעבן די צוויי דימענטן אויף אָפּצוהיטן און איצט האָט ער זיי צוריקגענומען.״

פון רבי מאירן זיינען אונדז פאַרבליבן אַ סך מעשות און משלים (פאַבלען).

11

## רבי יהודה הנשיא. די משנה

אין יענער צייט האָט אויך געלעבט אַן אַנדער גרויסער תנא — רבי יהודה הנשיא. קיין שום תנא האָט ניט געקראָגן אַזוי פיל כבוד פון פאָלק, ווי רבי יהודה הנשיא. ער איז געווען זייער רייך. אַ גרויסן טייל פון זיין פאַרמעגן האָט ער אוועקגעגעבן פאַר אָרעמע תלמידים. אין צייט פון אַ הונגער האָט ער געשפּייזט דאָס אָרעמע פאָלק.

אין פאַרלויף פון יאָרן האָבן זיך ביי יידן אָנגעקליבן אַ סך ניט-געשריבענע געזעצן. די געזעצן פון דער תורה זיינען ניט געווען צוגעפּאַסט צו דעם נייעם לעבן און די תנאים האָבן געמוזט שאַפן נייע געזעצן אויפן גרונט פון דער תורה. די נייע געזעצן זיינען איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל און מען האָט זיי דערפאַר גערופן „תורה שבעל פּה״ — מינדלעכע תורה. די געזעצן פון דער תורה האָט מען גערופן „תורה שבכתב״ — געשריבענע תורה.

עס איז אָבער געווען שווער צו געדענקען די מינדלעכע תורה. דערפאַר האָט דער גרויסער תנא הלל און אַנדערע תנאים נאָך אים אָנגעהויבן די שווערע אַרבעט צונויפצוזאַמלען אַלע ניט געשריבענע געזעצן.

רבי יהודה הנשיא האָט אָט די שווערע אַרבעט פאַרענדיקט. ער האָט אַלע געזעצן געבראַכט אין אַ סיסטעמאַטישער אָרדענונג. ער האָט זיי אויך איבערגעגעבן אין אַ שפּראַך, וואָס אַלע זאָלן פאַרשטיין.

די זאַמלונג פון אַלע מינדלעכע געזעצן הייסט „משנה״. די משנה איז געשריבן אויף העברעאיש מיט אַ צוגאָב פון אַראַמעאישע אויסדרוקן. די משנה איז פאַרענדיקט געוואָרן אין דעם יאָר 200, לויט דער איצטיקער צייטרעכענונג.

# יידישע געשיכטע העפטן

## 12

## גמרא — תלמוד

רבי יהודה הנשיא איז געווען דער לעצטער פון די תנאים. די יידישע געלערנטע, וואָס האָבן געלעבט נאָך אים, האָבן זיך גערופן אמוראים. זיי האָבן ווייטער געלערנט און געפאָרשט די יידישע געזעצן. דאָס יידישע לעבן האָט זיך אַלעמאָל געביטן און עס זיינען נייטיק געווען נייע געזעצן, וואָס זאָלן זיין צוגעפּאַסט צום נייעם לעבן. די אמוראים האָבן איצט אויסגעטייטשט די געזעצן פון דער משנה און אויף זייער גרונט געשאַפן נייע געזעצן.

זייערע אויסטייטשונגען פון דער משנה האָבן די אמוראים פאַרשריבן אין באַזונדערע ספרים, וואָס הייסן „גמרא". אין דער גמרא זיינען אויך פאַרשריבן געוואָרן אַ סך מעשות (אגדות). דורך די אגדות באַקענען מיר זיך מיט דעם יידישן לעבן פון יענער צייט. אין די אגדות זיינען אויך אויסגעדריקט טיפע געדאַנקען וועגן מאָראַל און וועגן די באַציאונגען צווישן מענטשן.

די משנה און גמרא צוזאַמען הייסן „תלמוד". דער תלמוד, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין ארץ ישראל, הייסט „תלמוד ירושלמי".

## 13

## יידישער צענטער אין בבל

אין פערטן יאָרהונדערט האָבן די רוימער אָנגענומען די קריסט-לעכע רעליגיע. די פאַרפאָלגונגען פון יידן זיינען פאַרשטאַרקט געוואָרן. עס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אַלץ שטרענגערע געזעצן און באַגרענעצונגען קעגן יידן. די ישיבות אין ארץ ישראל זיינען אונטערגעגאַנגען. אַ סך יידישע געלערנטע זיינען דערפאַר אַוועק פון ארץ ישראל און האָבן זיך באַזעצט אין בבל. דאָ איז געשאַפן געוואָרן אַ נייער יידישער צענטער, כמעט ווי אין ארץ ישראל. עס זיינען געעפנט געוואָרן גרויסע ישיבות אין די שטעט סורא, נהרדעא און פומבדיתא. אַהער זיינען געקומען הונדערטער תלמידים.

## יידישע געשיכטע העפטן

די יידן אין בבל האָבן געפירט אַ זעלבסטשטענדיק לעבן. זיי האָבן זיך באַשעפטיקט מיט ערד־אַרבעט, האַנדל און מלאכה און האָבן בלויז געדאַרפט צאָלן שטייערן.

די פאָלקס־פירער זיינען געווען די תנאים און שפּעטער די אמוראים. צווישן זיי האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט די צוויי גרויסע געלערנטע רב און שמואל. מיט דער צייט איז אויך אין בבל געשאַפן געוואָרן אַ „גמרא", אַ זאַמלונג פון אויסטייטשונגען פון דער משנה. די גמרא איז געשריבן אויף אַראַמעאיש. זי איז פאַרענדיקט געוואָרן אַרום דעם יאָר 500 לויט דער איצטיקער צייט־רעכענונג. דער תלמוד, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין בבל, הייסט „תלמוד בבלי".

## 14

## יידן אונטער אַראַבישער הערשאַפט

אין זיבעטן יאָרהונדערט זיינען ארץ ישראל און בבל אַרונטער־געפאַלן אונטער דער אַראַבישער הערשאַפט.

אין אַראַביע האָבן געלעבט אַ סך יידן, וואָס זיינען אַהין אַנט־לאָפן פון פאַרפאָלגונגען אין פאַרשיידענע צייטן. דאָ האָבן די יידן געלעבט רואיק און אין פרידן מיט די אַראַבער. די יידן האָבן זיך באַשעפטיקט מיט פלאַנטאַציעס, פי־צוכט און האַנדל. די אַראַבער זיינען געווען געצעלטניקעס. זיי האָבן איבערגענומען פון יידן אַ סך רעליגיעזע מנהגים. איין אַראַבישער קעניג האָט אַפילו אָנגענומען דעם יידישן גלויבן.

אין זיבעטן יאָרהונדערט האָט אַן אַראַבער, מאַכמעד, געשאַפן אַ נייע רעליגיע, דעם איסלאַם. די נייע רעליגיע האָט אַ סך גענומען פון דער יידישער. דער קאָראַן, דאָס געזעץ־בוך פון דער מאַכמעדאַנישער רעליגיע, דריקט אויך אויס דעם געדאַנק וועגן אַן איין־איינ־ציקן גאָט, אָבער מיט מאַכמעדן, ווי אַ נביא.

מאַכמעד האָט געהאָפט, אַז יידן וועלן אָננעמען זיין נייע רע־ליגיע. ווען ער האָט אָבער איינגעזען, אַז יידן זאָגן זיך אָפּ אָנצונעמען דעם איסלאַם, האָט ער אָנגעהויבן זיי צו פאַרפאָלגן. מאַכמעד האָט

# יידישע געשיכטע העפטן

דערקלערט אַ „הייליקן קריג" קעגן אַלע, וואָס האָבן ניט געוואָלט אָננעמען די מאַכמעדאַנישע רעליגיע. די יידן זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון אַ סך אַראַבישע שטעט. אַ סך יידן זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן.

נאָך מאַכמעדס טויט האָבן זיך די „הייליקע מלחמות" איינגע־שטילט. אין בבל האָבן ווידער אויפגעלעבט די גרויסע יידישע קהילות. עס זיינען ווידער אויפגעשטאַנען גרויסע גייסטיקע פירער ביים יידישן פאָלק. די געלערנטע תלמודיסטן זיינען געוואָרן די לערער און פירער. זיי האָבן זיך גערופן „גאונים".

פון אַלע לענדער, וואו עס האָבן געלעבט יידן, האָט מען זיך געווענדט צו די גאונים מיט שאלות (פראַגעס) וועגן יידישע געזעצן. די גאונים האָבן געשיקט זייערע תשובות (ענטפערס) אויף די שאלות. זיי האָבן געעפנט שולן פאַר קינדער.

אין יענער צייט האָט זיך ביי יידן געשאַפן אַ נייע סעקטע, וואָס האָט ניט געוואָלט אָנערקענען דעם תלמוד. די סעקטע האָט זיך געהאַלטן נאָר ביי די געזעצן פון דער תורה. די מיטגלידער פון דער סעקטע האָבן זיך גערופן „קראים" אָדער קאַראַאימער.

די קאַראַאימער האָבן זיך געהאַלטן שטרענג אין די ווערטער פון דער תורה. אַזוי, צום ביישפיל, זיינען זיי געזעסן פרייטיק־צו־נאַכטס אין דער פינצטער, ווייל די תורה האָט אָנגעזאָגט ניט אָנצוצינדן שבת קיין ליכט. זיי האָבן געבאַקן מצות פון טונקל מעל, ווייל די תורה רופט די מצות „ברויט פון אָרעמקייט". די קאַראַאימער האָבן איינגעפירט נאָך אַנדערע מנהגים לויט די ווער־טער פון דער תורה.

קעגן די קאַראַאימער איז אַרויסגעטראָטן דער גרויסער געלערנ־טער, סעדיה גאון. ער האָט אָנגעשריבן אויף אַראַביש אַ בוך, וואו ער באַווייזט, אַז יידן קאָנען זיך ניט באַגיין אָן דעם תלמוד. אין תנ"ך זיינען די געזעצן ניט גאַנץ קלאָר, האָט געשריבן סעדיה גאון. די אויסטייטשונג פון תלמוד העלפט בעסער צו פאַר־שטיין און אָפּצוהיטן די געזעצן פון דער תורה.

סעדיה גאון איז געווען אַ גרויסער דענקער און אַ קענער פון שפּראַכן. ער האָט געשאַפן אַ גראַמאַטיק פון דער העברעאישער שפּראַך און האָט אָנגעהויבן איבערצוזעצן דעם תנ"ך אויף אַראַביש. ער האָט אויך געשריבן פילאָזאָפישע ביכער.

## 15

# יידן אין שפּאַניע

אין שפּאַניע האָבן יידן געלעבט נאָך אַ סך פריער איידער ארץ ישראל איז חרוב געוואָרן. שפּעטער זיינען אהין געקומען יידן פון אַנדערע לענדער, וואו מען האָט זיי פאַרפאָלגט.

אין דער צייט, ווען אין שפּאַניע האָבן געהערשט קריסטלעכע קעניגן, איז די לאַגע פון די יידן געווען זייער שלעכט. די קריסט־לעכע קעניגן זיינען געווען אונטערן איינפלוס פון די קאַטוילישע גלחים. די גלחים האָבן געצוואונגען די יידן צו שמד. עס זיינען געשאַפן געוואָרן שווערע גזירות קעגן יידן, וואָס האָבן ניט געוואָלט בייטן זייער גלויבן.

די יידן אין שפּאַניע זיינען צוליב די פאַרפאָלגונגען געוואָרן שונאים פון לאַנד. זיי האָבן געזוכט אַ געלעגנהייט אַרונטערצו־וואַרפן די קריסטלעכע הערשאַפט פון שפּאַניע. אַזאַ געלעגנהייט איז אינגיכן געקומען.

די יידן האָבן זיך דערוואוסט, אַז די אַראַבער קלייבן אַן אַרמיי צו באַפאַלן שפּאַניע. די יידן האָבן זיך פאַראייניקט מיט די אַראַבער און האָבן זיי געהאָלפן איינצונעמען דאָס לאַנד.

פון דעמאָלט אָן האָט זיך די לאַגע פון די יידן אָנגעהויבן צו פאַרבעסערן אין אַראַבישן טייל פון שפּאַניע. די אַראַבישע קאַליפן (קעניגן) האָבן געגעבן יידן הויכע רעגירונגס־שטעלעס. יידן האָבן אָנגעהויבן זיך אָפּצוגעבן מיט וויסנשאַפט און פּאָעזיע.

צווישן די יידן וואָס האָבן פאַרנומען הויכע שטעלעס ביי די אַראַבישע קאַליפן, איז באַוואוסט געוואָרן חסדאי איבן שפּרוט. ער איז געווען מיניסטער ביים קאַליף פון קאָרדאָוואַ. חסדאי איבן שפּרוט איז געווען אַ גרויסער געלערנטער און אַ קענער פון שפּראַכן. ער איז געווען רייך און האָט ניט געשפּאָרט קיין געלט צו שאַפן אין קאָרדאָוואַ אַ צענטער פון יידישע געלערנטע און פּאָעטן.

חסדאי איבן שפּרוט האָט אויסגענוצט זיין הויכן אַמט צו העלפן יידן פון אַנדערע לענדער. ווען עס פלעגן צו אים קומען שלוחים פון אַנדערע לענדער, פלעגט ער זיך שטענדיק נאָכפרעגן ביי זיי וועגן דער לאַגע פון די יידן אין זייערע לענדער.

## יידישע געשיכטע העפטן

חסדאי איבן שפּרוט האָט זיך דערוואוסט, אַז אין דרום פון רוסלאַנד געפינט זיך אַ פאָלק, וואָס רופט זיך „כאַזאַרן". דאָס פאָלק האָט אָנגענומען דעם יידישן גלויבן און האָט אַ יידישן קעניג. חסדאי האָט געשיקט אַ בריוו צום קעניג פון די כאַזאַרן. אין דעם בריוו האָט ער געשריבן:

„איך וויל אויספאָרשן און וויסן דעם אמת, אויב עס געפינט זיך נאָך ערגעץ אַ פּלאַץ, וואו עס איז פאַראַן אַ יידישע מלוכה און וואו יידן ווערן ניט אונטערדריקט. ווען איך וואָלט געוואוסט, אַז דאָס איז אמת, וואָלט איך פאַרבויגן מיין כבוד, פאַרלאָזט מיין משפחה און וואָלט געגאַנגען פון באַרג צו טאָל, ביז איך וואָלט געקומען צו דעם פּלאַץ, וואו מיין האַר, דער קעניג, טוט רוען, צו זען זיין גרויסקייט."

דער קעניג, יוסף, האָט געענטפערט חסדאין, אַז די כאַזאַרן האָבן אָנגענומען דעם יידישן גלויבן צוזאַמען מיט אַ פריערדיקן קעניג, בולאַן, און אַז זיי האָבן אויסגעבויט שולן און חדרים, וואו זיי לערנען תנ"ך, משנה און גמרא.

16

## די גאָלדענע עפּאָכע אין שפּאַניע

די צייט פון צענטן ביזן דרייצנטן יאָרהונדערט ווערט אין דער יידישער געשיכטע גערופן „די גאָלדענע עפּאָכע אין שפּאַניע". אין יענער צייט האָט אין שפּאַניע אויפגעבליט די יידישע ליטעראַטור.

אַ גאַנצע ריי יידישע געלערנטע, פּאָעטן און וויסנשאַפטלייט האָבן זיך באַרימט געמאַכט אין דער גאָלדענער עפּאָכע אין שפּאַניע.

רבי שלמה איבן גבירול איז געווען אַ גרויסער פּאָעט און פי־לאָזאָף. ער האָט פרי פאַרלוירן זיינע עלטערן. שוין צו זעכצן יאָר איז שלמה איבן גבירול שוין באַוואוסט געוואָרן ווי אַ גרויסער דיכטער. ער האָט אָנגעשריבן אַ גרויסע צאָל לידער, וואָס דריקן אויס די האָפענונג פון יידן אויף בעסערע צייטן. זיינע לידער צייכענען זיך אויס מיט זייער שיינקייט און נשמהדיקייט. אייניקע פון זיינע רעלי־גיעזע לידער זיינען אריינגענומען געוואָרן אין די יידישע תפילות.

# יידישע געשיכטע העפטן

שלמה איבן גבירול איז געשטאָרבן זייער יונג. ווענן זיין טויט ווערט דערציילט, אַז ער איז דערמאָרדעט געוואָרן פון אַן אַראַבישן דיכטער, וואָס האָט שטאַרק מקנא געווען, וואָס שלמה איבן גבירול איז אַזוי באַרימט געוואָרן. דער אַראַבישער דיכטער האָט באַגראָבן גבירולס קערפּער ביי זיך אין גאָרטן אונטער אַ פייגנבוים. דער פייגנבוים האָט זיך צעבליט פריער פון אַלע אַנדערעביימער. זיינע פרוכטן זיינען געווען אויסערגעוויינלעך שיין און געשמאַק. אַלע האָבן זיך געוואונדערט און דער קעניג אַליין איז געקומען אין גאָרטן אויסצופאָרשן די זאַך. דער אַראַבישער דיכטער האָט זיך דערשראָקן און האָט זיך מודה געווען אין דעם מאָרד.

דער באַרימטסטער יידישער דיכטער פון דער גאָלדענער עפּאָכע איז געווען רבי יהודה הלוי. מען רופט אים „דער נאַציאָנאַלער יידישער דיכטער".

רבי יהודה הלוי האָט אָנגעהויבן צו שרייבן פּאָעזיע, ווען ער איז נאָך געווען אַ ייִנגל פון פערצן־פופצן יאָר. ער האָט ניט קיין גלייכן צו זיך אין דער אַלטער העברעאישער ליטעראַטור. איבער־הויפּט איז ער באַרימט געוואָרן פאַר זיינע נאַציאָנאַלע לידער. אין די לידער דריקט רבי יהודה הלוי אויס דעם צער, די ליידן און אויך די האָפענונגען פון יידישן פאָלק.

רבי יהודה הלוי האָט שטענדיק געטרוימט וועגן ארץ ישראל. זיין גרעסטער וואונטש איז געווען ער זאָל דערלעבן צו זען מיט זיינע אייגענע אויגן די שטאָט ירושלים, וואָס איז אַמאָל געווען דער שטאָלץ פון יידישן פאָלק. ער האָט אָנגעשריבן אַ סך לידער, אין וועלכע ער באַשרייבט זיין ליבע צו ארץ ישראל.

„וואו נעמט מען פליגל? שטיקערווייז וואָלט איך מיין האַרץ
ווייט, ווייט צווישן דיינע בערג פאַרטראָגן.
כ'וואָלט צוגעפאַלן צו דיין ערד, כ'וואָלט אויסגעקושט
איר יעדן פוסטראָט, יעדער שטיינדעלע באַזונדער,
און אומגעוואָנדערט וואָלט איך טאָג און נאַכט
אַ נאַקעטער, אַ באָרוועסער אויף דיינע חורבות..."

(יידיש: ח. נ. ביאַליק)

אַזוי האָט געשריבן רבי יהודה הלוי אין איינעם פון זיינע לידער. ווען ער איז עלטער געוואָרן, האָט ער באַשלאָסן צו פאַרלאָזן

# יידישע געשיכטע העפטן

זיין היים, זיין טאָכטער און זיין אייניקל, און אוועקפאָרן קיין ארץ ישראל. אין יענער צייט איז דאָס געווען אַ לאַנגע, שווערע רייזע. רבי יהודה הלוי האָט זיך אָבער ניט אָפּגעשראָקן. ער איז געפאָרן דורך מצרים. דאָרט האָבן זיינע פריינט געפרואווט אים אָפּרעדן פון פאָרן ווייטער. זיי האָבן אים געבעטן צו פאַרבלייבן, אָבער ער האָט זיך צו זיי נישט צוגעהערט.

רבי יהודה הלוי האָט באַשריבן זיין רייזע אויפן ים אין זיינע ים-לידער, וואָס ווערן פאַררעכנט פאַר זיינע בעסטע.

„כ'האָב פאַרגעסן אַלע ליבסטע,
כ'האָב פאַרלאָזט מיין אייגן הויז;
כ'האָב דעם ים זיך אָפּגעגעבן;
טראָג מיך, ים, צו מוטערס שויס.

און דו, מערב-ווינט געטרייער,
טרייב מיין שיף צו יענעם ברעג,
וואָס מיין הארץ מיט אָדלער-פליגל
זוכט שוין לאַנג צו אים אַ וועג.

ברענג מיך נאָר אַהין בשלום,
נאָכדעם פלי זיך דיר צוריק,
גריסן זאָלסטו אַלע ליבסטע
און דערצייל זיי פון מיין גליק."

(יידיש: ח. נ. ביאַליק)

עס ווערט דערציילט, אַז ווען יהודה הלוי איז ענדלעך אָנגעקומען קיין ירושלים און האָט דערזען די חרובע הייליקע שטאָט, איז ער געפאַלן אויף זיין פּנים און האָט גענומען קושן די ערד און די שטיינער. אַן אַראַבער איז אָנגעפאָרן אויף אים מיט זיין פערד און האָט אים צעטראָטן אויף טויט.

רבי יהודה הלוי האָט אויך געשריבן רעליגיעזע לידער, וואָס זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין די יידישע תפילות. זיינע תפילות זיינען פול מיט טרייסט-ווערטער צום יידישן פאָלק.

17

## אברהם אבן עזרא

איינע פון די גרויסע פערזענלעכקייטן פון יענער צייט איז געווען אברהם אבן עזרא.

עס ווערט דערציילט, אז ער איז איינמאל אריינגעקומען אן אפגעריסענער און געקליידט ווי א בעטלער אין הויז פון דעם רייכן רבי יהודה הלוי. דער גרויסער דיכטער האט דעמאלט געהאלטן ביים פארענדיקן א ליד. ער האט אבער בשום אופן ניט געקענט געפינען א גראם צו א געוויסןווארט. ווען רבי יהודה הלוי איז אויף א ווילע ארויסגעגאנגען פון צימער, האט אברהם אבן עזרא צוגעשריבן אין ליד דאס פאסיקע ווארט. רבי יהודה הלוי האט באלד דערזען אין דעם בעטלער א גרויסן טאלאנט און האט אים אריינגענומען צו זיך אין הויז.

אויף זיינע עלטערע יארן האט רבי אברהם אבן עזרא א סך ארומגעוואנדערט איבער פארשיידענע לענדער. ער האט א סך געשריבן, אבער מער פון אלץ איז ער באוואוסט פאר זיין פירוש (דערקלערונג) אויף תנ"ך. ער האט דערקלערט דעם תנ"ך אויף אן איינפאכן גראמאטיקאלישן אופן.

פון רבי אברהם אבן עזרא זיינען אונדז געבליבן א סך ווערק איבער גראמאטיק, ביבלישע פארשונגען, מאטעמאטיק און פילא-זאפיע. ער האט געשריבן א סך לידער און תפילות.

18

## משה אבן עזרא

דער גרויסער דיכטער און דענקער, משה אבן עזרא, איז גע-בוירן געווארן אין גראנאדע. זיין פאטער האט פארנומען א הויכע רעגירונגס-שטעלע. משה אבן עזרא האט געהאט דריי ברידער, אלע געלערנטע און בארימטע, אבער ער איז געווען דער פעאיקסטער צווישן זיי. ער האט אנגעשריבן א סך סליחות און תפילות אויף

## יידישע געשיכטע העפטן

ראש השנה און יום כפור. ער האָט אויך געשריבן אַ סך פּאָעזיע, וואו ער האָט באַזונגען די נאַטור. ער איז באַרימט פאַר זיין שיינער און ריינער שפּראַך.

אָט ווי משה אבן עזרא באַזינגט דעם פרילינג:

„איינגעהילט האָט זיך דער גאָרטן,
אין אַ העמד פון גרינס געשטיקט;
איטלעך בוים צעבליט אין ווייסן,
איטלעך אויג פון פרייד אַנטציקט;
איטלעך בלום האָט פריש באַנייט זיך,
ציט זיך קעגן זון און לאַכט;

פּאַראויס גייט די רויז, די מלכה,
אין איר קעניגלעכער פּראַכט.
פון איר קנאָספּ האָט זי באַפרייט זיך,
און זי פלאַטערט אויפן ווינט;
ווער עס טרינקט פאַר איר קיין ווין ניט,
יענער טוט באַגיין אַ זינד."

(יידיש: י. י. שוואַרץ)

19

## רבי משה בן מיימון

דער גרעסטער יידישער דענקער פון 12־טן יאָרהונדערט איז געווען רבי משה בן מיימון. ער איז בעסער באַקאַנט מיטן פאַר־קירצטן נאָמען „רמב"ם". ער איז געבוירן געוואָרן אין קאָרדאָווא, שפּאַניע, אין יאָר 1135. ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין יינגל, איז קאָרדאָווא פאַרכאַפּט געוואָרן פון פיינטלעכע מאַכמעדאַנער. זיי האָבן געוואָלט באַקערן די יידן צום מאַכמעדאַנישן גלויבן.

די מיימון פאַמיליע האָט פאַרלאָזט קאָרדאָווא צוליב די פאַר־פאָלגונגען אויף יידן און האָט אַרומגעוואַנדערט איבער אַנדערע לענדער. דער יונגער רמב"ם האָט אָבער אין דער צייט ניט אויפ־

געגעבן זיין לערנען. ער האָט געלערנט שפּראַכן, פילאָזאָפיע און מעדיצין. צו דריי און צוואַנציק יאָר האָט ער שוין געהאַט אָנגעשריבן עטלעכע ספרים איבערן תלמוד.

נאָך אַ סך וואַנדערונגען האָט דער רמב״ם זיך באַזעצט אין מצרים. דאָ איז ער באַרימט געוואָרן ווי אַ גרויסער דאָקטאָר און איז באַשטימט געוואָרן פאַרן הויפּט־דאָקטאָר אין קעניגלעכן הויף.

אין אַ בריוו צו אַ פריינד שרייבט דער רמב״ם: „איך גיי יעדן פרימאָרגן אין קעניגלעכן פּאַלאַץ. דאָרט פאַרבלייב איך ביז מיטאָג־צייט. איך קום אַהיים פאַרחלשט פון הונגער. אָבער מיין אויפנעם־צימער איז געפּאַקט מיט פּאַציענטן. עס קומען יידן און קריסטן, הויכע באַאַמטע און פּשוטע אַרבעטער, פריינט און שונאים — אַלע וואַרטן אויף מיר. איך וואַש זיך די הענט, כאַפּ אַ ביסן און באַהאַנדל מיינע פּאַציענטן. זיי האַלטן אין איין קומען ביז שפּעט ביינאַכט. ווען איך לייג זיך ענדלעך אַוועק, בין איך אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז איך קען קוים רעדן. בלויז שבת קען איך זיך אָפּגעבן מיט יידישע ענינים.״

מער פון אַלץ איז דער רמב״ם באַרימט פאַר זיינע ספרים. זיי האָבן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויפן יידישן לעבן ביז היינטיקן טאָג. ער האָט אָנגעשריבן אַ פירוש אויף דער משנה. ער האָט געשאַפן דרייצן הויפּט־פּרינציפּן פון יידישן גלויבן (דרייצן אני מאמינס).

אַן אַנדער גרויס ווערק פון דעם רמב״ם איז די „משנה תורה״ (צווייטע תורה). אין דעם ווערק האָט דער רמב״ם אויסגעשטעלט אַלע געזעצן פון תלמוד אין אַזאַ אָרדענונג, אַז מע זאָל זיי קענען לייכט געפינען. אויף אַזאַ אופן האָט ער געמאַכט גרינגער צו פאַרשטיין און אָפּצוהיטן די געזעצן.

דער רמב״ם האָט אויך אָנגעשריבן אַ גרויס פילאָזאָפיש ווערק, „מורה נבוכים״ — דער „וועגווייזער פאַר די בלאָנדזשענדיקע.״ אין דעם ספר באַווייזט דער רמב״ם, אַז די תורה, די יידישע אמונה און די וויסנשאַפט זיינען ניט קיין ווידערשפּרוכן, נאָר שטימען איינס מיט דעם אַנדערן.

רבי משה בן מיימון איז געשטאָרבן אין 1264. זיין קערפּער איז אַריבערגעפירט געוואָרן קיין ארץ ישראל. אויף זיין מצבה איז

## יידישע געשיכטע העפטן

פאראן אזא אויפשריפט : „דא ליגט א מענטש, וואס איז געווען העכער פון א מענטשן.״

אויף דעם רמב״ם ווערט געזאגט : „פון משהן (משה רבנו) ביז משהן (משה בן מיימון) איז ניט געווען אזא ווי משה.״

20

## יידן אין אנדערע לענדער

אין דער צייט, וואס די שפאנישע יידן האבן געלעבט רואיק און האבן ניט געוואוסט פון קיין פארפאלגונגען, האבן יידן אין אנדערע אייראפעאישע לענדער שטארק געליטן צוליב זייער גלויבן.

די יארן פון דעם 11־טן ביז דעם 15־טן יארהונדערט זיינען די טרויעריקסטע אין דער געשיכטע פון יידן אין אייראפע.

ביז דעם 11־טן יארהונדערט האבן די יידן פון פראנקרייך און דייטשלאנד געפירט א רואיק לעבן. זיי האבן געהאט זייערע ישיבות, וואו מען האט געלערנט תורה און תלמוד. די אנדערע וויסנשאפטן, וואס יידן האבן געלערנט אין שפאניע, האט מען אין די אנדערע אייראפעאישע לענדער ניט געלערנט.

איינער פון די גרויסע יידישע רבנים אין סוף פון צענטן יאר־הונדערט איז געווען רבנו גרשום. ער איז געווען אזוי בארימט, אז מען האט אים גערופן „דאס ליכט פון גלות.״ פון גאנץ פראנקרייך און דייטשלאנד איז מען געפארן לערנען אין רבנו גרשומס ישיבה.

רבנו גרשום האט געזען, אז אייניקע געזעצן זיינען מער צוגע־פאסט צום לעבן פון די יידן אין די מזרח לענדער. ער האט דערפאר די געזעצן געענדערט און האט זיי צוגעפאסט צום לעבן פון אייראַ־פעאישע יידן. רבנו גרשום האט איינגאנצן אפגעשאפט פאליגאמיע (מער ווי איין ווייב) ביי יידן. ער האט אויך געשאפן א געזעץ, אז א ייד זאל ניט טארן גטן זיין ווייב אן איר ווילן און אז מע זאל ניט טארן לייענען יענעמס בריוו.

רבנו גרשומס תלמידים האבן נאך זיין טויט פארגעזעצט זיין ארבעט. דער גרעסטער צווישן זיינע תלמידים איז געווען רבי שלמה יצחקי (רש״י).

## 21

# רבי שלמה יצחקי

## (רש״י)

רבי שלמה יצחקי איז געבוירן געוואָרן אין פראַנקרייך אין 1040. זיינע עלטערן זיינען געווען זייער אָרעם. זיי זיינען געווען באַוואוסט מיט זייער פרומקייט. עס ווערט דערציילט, אַז איידער רש״י איז געבוירן געוואָרן, האָט זיין פאָטער געפונען אַ טייערן דימענט. אַ בישאָף האָט געזוכט אַזאַ דימענט, כדי אים אַריינצוזעצן אין דער קרוין פון דער „הייליקער מוטער״. דער בישאָף האָט פאָרגעשלאָגן רש״ים פאָטער אַ גרויסע סומע געלט פאַרן דימענט. אָבער איידער פאַרקויפן דעם דימענט פאַר אַזאַ צוועק, האָט רש״ים פאָטער אים בעסער אַריינגעוואָרפן אין ים. באַלד האָט זיך דערהערט אַ קול: „דערפאַר וואָס דו האָסט אַזוי געטאָן, וועט ביי דיר געבוירן ווערן אַ זון, וואָס וועט שיינען אין יידישן פאָלק ווי אַ טייערער דימענט.״

דער יונגער רש״י האָט אָפט געליטן הונגער און נויט. קיין זאַך האָט אים אָבער ניט געקענט אָפּהאַלטן פון לערנען. ער האָט פאַרלאָזט זיין היים און האָט אַ סך אַרומגעוואַנדערט, ביז ער איז אָנגעקומען אין דער ישיבה פון רבנו גרשום.

רש״י איז געוואָרן אַ גרויסער געלערנטער. ער האָט געהאַט אַ סך תלמידים. ער האָט אָבער געוואָלט, אַז זיין קענטעניש זאָל אויך פאַרבלייבן אויף שפּעטערדיקע דורות. דערפאַר האָט ער זיין גאַנץ לעבן געאַרבעט אויף אַ פּירוש (דערקלערונג) אויף תנ״ך און תלמוד. זיין פּירוש האָט געמאַכט גרינגער צו פאַרשטיין דעם תנ״ך און דעם תלמוד. די שפּראַך פון תלמוד איז אַ שווערע. אָן רש״ים פּירוש איז געווען שווער, פאַר ניט קיין גרויסע געלערנטע, זי צו פאַרשטיין. דער תלמוד אָן רש״ים פּירוש איז געווען ווי אַ שלאָס אָן אַ שליסל. דעם תנ״ך האָט רש״י אויך געמאַכט אינטערעסאַנטער מיט דעם, וואָס ער האָט אין זיין פּירוש אַריינגעוועבט שיינע אגדות, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין דער רייכער העברעאישער ליטעראַטור.

פון דעמאָלט אָן האָט מען אָנגעהויבן דרוקן דעם תנ״ך און דעם

תלמוד מיט רש״ים פירוש. אפילו רש״ים שריפט (רש״י כתב) ווערט דערביי אפגעהיט. ביז היינט לערנען יידישע קינדער חומש מיט רש״י.

די לעצטע יארן פון רש״ים לעבן זיינען פארפינצטערט געווארן פון די ביטערע צייטן, וואס האבן זיך אנגעהויבן פאר די יידן פון דייטשלאנד און פראנקרייך — פון די קרייצצוגן.

22

## די קרייצצוגן

פון דעם עלפטן ביז דעם דרייצנטן יארהונדערט זיינען פארגעקומען די קרייצצוגן. דאס זיינע געווען מלחמות, וואס די קריסטן פון אייראפע האבן געפירט מיט די טערקן, וואס האבן דעמאלט געהערשט איבער ארץ ישראל. די קריסטן האבן געוואלט אפנעמען דאס לאנד ביי די מאכמעדאנער, ווייל דארט געפינט זיך יעזוסעס קבר.

עס האבן זיך ארגאניזירט גרויסע ארמייען קרייצטרעגער. מען האט זיי אזוי גערופן, ווייל זיי האבן געטראגן אויסגענייטע קרייצן אויף זייערע קליידער. צו די קרייצטרעגער זיינען צוגעשטאנען אמתע, ערלעכע קריסטן, גלחים, פויערים, אוואנטוריסטן און אויך א סך פארברעכער. זיי האבן זיך אוועקגעלאזט אויפן וועג קיין ירושלים. מיטאמאל האבן זיך די קרייצטרעגער געכאפט: זיי גייען אפנעמען יעזוסעס קבר פון די אומגלויביקע, אבער אין זייערע אייגענע לענדער וואוינען דאך יידן, און יידן, האט מען זיי דערציילט, האבן דאך געקרייציקט יעזוסן. מיט ווילדקייט האבן זיך די קרייצטרעגער ארויפגעווארפן אויף די יידישע קהילות. טויזנטער יידן זיינען אויסגעהרגעט געווארן.

די קרייצטרעגער האבן געצוואונגען די יידן צו שמד, אבער איידער צו בייטן זייער גלויבן האבן יידן גיכער זיך אליין גענומען דאס לעבן. עלטערן האבן געשאכטן זייערע קינדער און דערנאך זיך אליין; מוטערס האבן בעסער ארייגעווארפן זייערע טעכטער אין ברונעמער, איידער זיי זאלן ארייגפאלן אין די הענט פון די קרייצטרעגער. אזוי זיינען א סך יידן געשטארבן אויף „קידוש השם״ אין

## יידישע געשיכטע העפטן

מיינץ, אין קעלן, און וואָרמס, אין רעגנסבערג און אין אַנדערע שטעט. די יידישע קהילות פון די שטעט זיינען אינגאַנצן חרוב געוואָרן.

קרייצצוגן זיינען פאָרגעקומען אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך און ענגלאַנד.

23

## אַנדערע פאַרפאָלגונגען

חוץ די קרייצצוגן האָבן יידן אין אייראָפּע דורכגעלעבט אַנדערע שווערע פאַרפאָלגונגען.

אין יאָר 1171 האָט מען אין פראַנקרייך צום ערשטן מאָל באַשולדיקט יידן, אַז זיי נוצן קריסטלעך בלוט אויף פּסח. עס האָט זיך געפונען דאָרט אַ קריסט, וואָס האָט עדות געזאָגט, אַז ער אַליין האָט געזען, ווי אַ ייד האָט אַריינגעוואָרפן אין טייך דעם קערפּער פון אַ קריסטלעך קינד.

דרייסיק פון די חשובסטע יידן פון שטאָט זיינען אַרעסטירט געוואָרן. אַלע אַרעסטירטע זיינען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין אַ הילצערנעם טורעם. דעם טורעם האָט מען אַרומגעלייגט מיט גרויסע שייטערהויפנס און מען האָט געגעבן די יידן אויסצוקלייבן איינס פון די ביידע: אָדער שמד, אָדער פאַרברענט צו ווערן לעבעדיקערהייט. די יידן האָבן אויסגעקליבן צו שטאַרבן פאַר זייער גלויבן און מיט געזאַנג אויף די ליפּן זיינען זיי אַלע אומגעקומען אין די פלאַמען אויף „קידוש השם."

פון דעמאָלט אָן איז די שענדלעכע באַשולדיקונג, אַז יידן נוצן קריסטלעך בלוט אויף פּסח (בלוט-בילבול אָדער עלילת דם) פאַרשפּרייט געוואָרן אין אַלע קריסטלעכע לענדער.

אין יאָר 1215 האָט די קאַטוילישע קירכע אַרויסגעגעבן אַ גזירה, אַז קיין ייד טאָר זיך ניט באַווייזן אין גאַס אָן אַ „געלער לאַטע" אויף זיינע קליידער. דאָס איז געווען אַ שאַנד-צייכן, אַ צייכן פון דערנידערונג. יעדער ייד האָט געמוזט טראָגן די „געלע לאַטע" אויף זיינע קליידער, כדי מען זאָל אים קענען לייכט דערקענען. יעדער קריסט האָט געמעגט אומבאַשטראָפט באַליידיקן אַ ייד.

אין מיטן פון פערצנטן יאָרהונדערט האָט איבער אייראָפּע זיך פאַרשפּרייט אַ שרעקלעכע קראַנקייט, „דער שוואַרצער טויט."

מיליאָנען מענטשן זיינען אויסגעשטאָרבן פון דער קראַנקייט. צווישן ייִדן האָט זיך די קראַנקייט ניט אַזוי שטאַרק פאַרשפּרייט. כאָטש זיי האָבן געוואוינט אין ענגע געטאָס, האָבן זיי געלעבט ריינער און היגיעניש̈ער. אַ ייִד האָט געמוזט זיך וואַשן די הענט פאַרן עסן; לכבוד שבת פלעגט מען אויפראַמען דאָס הויז; ייִדן האָבן אויך געפירט אַן אָפּגעהיט פאַמיליע-לעבן. די אַלע זאַכן האָבן געווירקט, אַז ייִדן זאָלן ניט ליידן אַזוי פיל פון דעם „שוואַרצן טויט", ווי עס האָט געליטן די אַרומיקע באַפעלקערונג.

די יידישע שונאים האָבן אָבער אַרויסגעלאָזט אַ בילבול (פאַלשע באַשולדיקונג), אַז די קראַנקייט האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס ייִדן האָבן פאַרסמט די וואַסערן אין די ברונעמער. די באַשולדיקונג האָט געבראַכט צו שרעקלעכע שחיטות אויף ייִדן.

אַן אַנדער גזירה אויף ייִדן איז געווען די „געטאָ". אין יעדער שטאָט זיינען די ייִדן געצוואונגען געוואָרן צו וואוינען אין אָפּגע- זונדערטע גאַסן. אָט די טייל פון שטאָט האָט געהייסן „געטאָ". די גאַסן פון דער געטאָ זיינען געווען ענגע און שמוציקע. אָפט האָבן עטלעכע פאַמיליעס געמוזט וואוינען צוזאַמען. די געטאָ איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ הויכער וואַנט. די איינוואוינער פון דער געטאָ האָבן זיך ניט געטאָרט באַווייזן אין אַנדערע טיילן פון שטאָט אין צייט פון אַ קריסטלעכן יום-טוב אָדער אַ קריסטלעכן פאַראַד. ביי- נאַכט האָט מען די טויערן פון געטאָ צוגעשלאָסן און קיינעם ניט אַריינגעלאָזט אָדער אַרויסגעלאָזט.

אין יאָר 1290 האָט מען אַרויסגעטריבן אַלע ייִדן פון ענגלאַנד. אַרום זיבעצן טויזנט ייִדן האָבן געמוזט פאַרלאָזן דאָס לאַנד. אין 1394 זיינען אַלע ייִדן אַרויסגעטריבן געוואָרן פון פראַנקרייך.

אָט אַזוי זיינען ייִדן אין אייראָפּע פאַרפאָלגט געוואָרן. קיין פאַרפאָלגונגען האָבן זיי אָבער ניט געקענט צווינגען אויפצוגעבן זייער גלויבן און זייער פאָלק.

24

## די אינקוויזיציע

אויך אין שפּאַניע האָבן זיך אין 13-טן יאָרהונדערט אָנגעהויבן שלעכטע צייטן פאַר ייִדן. די גאָלדענע עפּאָכע איז שוין געווען

# יידישע געשיכטע העפטן

פאַראיבער. קריסטלעכע קעניגן האָבן ביסלעכווייז באַפרייט שפּאַניע פון דער אַראַבישער הערשאַפט.

אין אָנהייב האָבן די קריסטלעכע קעניגן זיך גוט באַצויגן צו יידן. אָבער וואָס ווייטער האָבן די קריסטלעכע גלחים באַקומען אַלץ אַ גרעסערן איינפלוס. זיי האָבן אַלץ מער גועהעצט די קעניגן און דאָס פאָלק קעגן די יידן. זיי האָבן געוואָלט מאַכן פון שפּאַניע איין גרויסע קריסטלעכע מלוכה. מע האָט גענעבן די יידן אויסצוקלייבן צווישן שמד און טויט.

טויזנטער יידן האָבן זיך געוואָלט ראַטעווען פון טויט. זיי האָבן לפּנים וועגן אָנגענומען דעם קאַטוילישן גלויבן. אין דער אמתן אָבער זיינען זיי געבליבן געטרייע יידן. פאַרבאַהאַלטענערהייט האָבן זיי אָפּגעהיט דעם יידישן גלויבן. זיי האָבן געהאַט פאַרבאָרגענע ער־טער, וואו זיי פלעגן זיך צונויפקומען דאַוונען און פייערן יידישע יום־טובים. אַזעלכע יידן האָט מען גערופן „אַנוסים" — געצוואונ־גענע געשמדטע. די שפּאַניער האָבן זיי גערופן „מאַראַנען".

די אַנוסים האָבן באַקומען הויכע רעגירונגס־שטעלעס. צווישן זיי זיינען געווען גרויסע געלערנטע, באַרימטע דאָקטוירים און וויסנשאַפטסלייט. זיי זיינען געווען רייך און האָבן חתונה געהאַט מיט טעכטער פון רייכע שפּאַניער.

די גלחים זיינען אָבער ניט געווען צופרידן מיט די נייע קריסטן. זיי האָבן זיי שטענדיק נאָכגעשפּיאָנירט. ווען גלחים האָבן חושד געווען, אַז די אַנוסים היטן נאָך אַלץ אָפּ יידישקייט, האָט מען זיי אַרעסטירט און איבערגעגעבן דער „אינקוויזיציע". די אינקוויזיציע איז געווען אַ געריכט פון קאַטוילישע גלחים. דאָרט האָט מען געמשפּט אַלע, וואָס האָבן ניט פּינקטלעך אָפּגעהיט דעם קאַטוילישן גלויבן. עס איז געווען גענוג, אַז מען האָט געזען פרייטיק־צו־נאַכטס ברענען ליכט אין אַ הויז, אָדער עמעצן טראָגן שבת אַנדערע קליי־דער, ווי אין דער וואָכן, אָדער אַז מען האָט געפונען ביי עמעצן מצות אין דער וואָך פון פסח — דאָס איז געווען גענוג באַווייז, אַז מען איז ניט קיין פרומער קריסט.

די אַרעסטירטע אַנוסים (מאַראַנען) זיינען מוראדיק געפּייניקט געוואָרן פון דער אינקוויזיציע. די גלחים האָבן געפאָדערט, אַז זיי זאָלן זיך מודה זיין און אַרויסגעבן אַנדערע אַנוסים. אָפט האָבן די



די אינקוויזיציע

## יידישע געשיכטע העפטן

געפייניקטע ניט געקענט מער איבערטראָגן די שרעקלעכע יסורים און האָבן זיך מודה געווען אין אַלץ, וואָס די גלחים האָבן געפאָדערט. ערשט דעמאָלט פלעגט מען זיי פאַרמשפּטן פאַרברענט צו ווערן לעבעדיקערהייט.

25

## גירוש שפּאַניע

אין פופצנטן יאָרהונדערט האָבן אין שפּאַניע געקיניגט פערדינאַנד און זיין פרוי, איזאַבעלאַ. ביידע זיינען געווען זייער פרומע קאַטאָליקן. זיי זיינען שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרן פון דעם גלח, טאָמאַס טאָרקוועמאַדאַ, וואָס איז געווען דער הויפּט פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע.

דער קעניג פערדינאַנד איז געווען זייער אַ געלט־גייציקער מענטש. ער האָט צוגעשטימט צו דער אינקוויזיציע, ווייל דאָס פאַרמעגן פון יעדן פאַרמשפּטן צום טויט איז איבערגעגאַנגען אין דער קעניגלעכער קאַסע. איזאַבעלאַ, די קעניגין, האָט געגלייבט, אַז די אינקוויזיציע ראַטעוועט די נשמות פון די אַנוסים.

הונדערטער אַנוסים זיינען אומגעקומען אויף די שייטערהויפנס פון דער אינקוויזיציע. די פאַרמשפּטע זיינען געגאַנגען אין פייער מיט געזאַנג. די אינקוויזיציע איז אָבער ניט געווען שטאַרק גענוג אויסצוראָטן דעם יידישן גלויבן. דער אינקוויזיטאָר טאָרקוועמאַדאַ האָט דערפאַר צוגעטראַכט אַן אַנדער פּלאַן, ווי צו באַפרייען שפּאַניע פון די יידן. ער האָט אַנגערעדט דעם קעניג און די קעניגין אַרויסצוגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן, וואָס וועלן זיך ניט שמדן, מוזן פאַרלאָזן דאָס לאַנד. זייערע פאַרמעגנס מוזן זיי איבערלאָזן פאַר דער קעניגלעכער קאַסע.

ביי פערדינאַנדן איז געווען אַ יידישער פינאַנץ מיניסטער, דאָן יצחק אברבנאל. ער האָט פאַרגעשלאָגן דעם קעניג און דער קעניגין זיין גאַנץ פאַרמעגן. ער האָט אויך צוגעזאָגט דעם קעניג צונויפקלייבן פאַר אים אַ גרויסע סומע געלט, אויב ער וועט צוריקרופן די שרעקלעכע גזירה.

# יידישע געשיכטע העפטן

דאָן יצחק אַברבנאַל איז געווען באַליבט ביים קעניג פאַר זיינע גרויסע פעאיקייטן. פערדינאַנד האָט דערפאַר שוין געוואָלט נאָכגעבן, אָבער אין דעם מאָמענט איז אין טראָן-צימער אַריינגעקומען טאָרקוועמאַדאַ. ער האָט געטראָגן אַ צלם אין דער האַנט. ווען ער האָט דערהערט, אַז פערדינאַנד איז גרייט צוריקצורופן דעם באַפעל, האָט ער אַ וואָרף געטאָן דעם צלם און האָט אויסגערופן: „דו ווילסט פאַרקויפן יעזוסן פאַר געלט? נאַ, פאַרקויף!"

דער קעניג האָט זיך דערשראָקן און דער באַפעל איז געבליבן אין קראַפט. אַלע שפּאַנישע יידן האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייערע היימען, וואו זיי זיינען געבוירן געוואָרן און וואו זייערע עלטערן האָבן געלעבט הונדערטער יאָרן.

דעם 2-טן אויגוסט 1492 — אין טאָג פון תשעה באָב — זיינען איבער דריי הונדערט טויזנט יידן, רייכע און אָרעמע, אַלטע און יונגע, אַרויסגעטריבן געוואָרן פון שפּאַניע. זיי האָבן איבערגעלאָזט אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט. מיט הייסע טרערן אין די אויגן האָבן זיי זיך געזעגנט מיט די קברים פון זייערע עלטערן און האָבן זיך אַרויסגעלאָזן זוכן אַ נייע חיים.

אַ סך פון די אַרויסגעטריבענע זיינען אויסגעשטאָרבן אויף זייערע וואַנדערונגען פון לאַנד צו לאַנד. אַנדערע האָבן איבערגעלעבט שרעקלעכע צרות, ביז זיי האָבן געפונען אַ רואיק ווינקל. אָבער זייער גייסט איז ניט געבראָכן געוואָרן. זיי זיינען געבליבן יידן.

דאָס אַרויסטרייבן די יידן פון שפּאַניע הייסט „גירוש שפּאַניע".

# עקזאַמען־בויגן

**I. פאַרענדיק די ווייטערדיקע זאַצן.**

**א)** ................... האָט דערלויבט די יידן זיך צוריקצוקערן פון בבל קיין יהודה. די צוויי פירער, וואָס האָבן געהאָלפן צוריק אויפּ־בויען דאָס יידישע לאַנד, זיינען געווען .................................. און ........................ ........

**ב)** אַלעקסאַנדער מוקדון איז געווען אַ ..................... קעניג. פאַר אים איז יהודה געווען אונטער דער .................... הערשאַפט.

**ג)** די יידן, וואָס האָבן געוואָלט איינפירן גריכישע מנהגים אין יהודה, האָבן געהייסן ........................ די יידן וואָס זיינען געווען קעגן די גריכישע מנהגים, האָבן געהייסן .......................

**ד)** די יידן האָבן געוואונען דעם זיג איבער די גריכן אונטער דער פירונג פון ............................ אין אָנדענק פון אָט דער פאַ־סירונג איז פאַרבליבן ביי יידן דער יום־טוב .........................

**ה)** נאָך דער גריכישער הערשאַפט איז יהודה אונטערגעפאַלן אונטער דער הערשאַפט פון .................... אין יאָר 70 איז פאָרגעקומען דער .............................

**ו)** תשעה באָב איז אַ................................. אין אָנדענק פון דעם .........................................

**ז)** בר כוכבא האָט אָרגאַניזירט אַן .................... קעגן ................ דער תנא ............................. איז אים געקומען צו הילף.

**ח)** אַזעלכע געלערנטע ווי רבי מאיר און רבי יהודה הנשיא רופט מען .................... זיי האָבן אין יאָר 200 צוזאַמענגעשטעלט די ............................

**ט)** די צייט פון שלמה איבן גבירול און רבי יהודה הלוי רופט מען „די גאָלדענע עפּאָכע אין שפּאַניע,” ווייל ................................ ..........................................................................................

י) יהודה הלוי האָט געשריבן אַ סך לידער וועגן ........................

..........................................................................................

..........................................................................................

יא) אין 11־טן און אין 12־טן יאָרהונדערט זיינען פאָרגעקומען קריסטלעכע מלחמות, וואָס האָבן זיך גערופן ........................ זיי זיינען פאָרגעקומען אין די לענדער ............................... און .......................................

יב) רש״י האָט אָנגעשריבן אַ פירוש אויף ........... און אויף ...........

יג) די „געלע לאַטע״ איז געווען אַ ....................................... „געטאָ״ האָט געהייסן ..........................................................

יד) דער „שוואַרצער טויט״ איז געווען אַ ..................... די קריסטן האָבן באַשולדיקט די יידן, אַז זיי האָבן ...................................

טו) אין יאָר 1492 האָט פערדינאַנד, דער קעניג פון ............. אַרויס־געגעבן אַ באַפעל, אַז ......................................................... דער יידישער פינאַנץ מיניסטער ................................. האָט פאָרגעשלאָגן דעם קעניג אַ גרויסע סומע געלט, אַז ער זאָל ...................................................................

II. פּאָס צו די נומערן פון לינקס צו די זאַצן פון רעכטס:

| | |
|---|---|
| ( ) האָט אויפגעהויבן אַן אויפשטאַנד קעגן די גריכן. | 1. הלל. |
| ( ) האָט געוואָלט פאַרגריכישן דאָס יידישע לאַנד. | 2. קנאים. |
| ( ) האָט געעפנט אַ ישיבה אין יבנה. | 3. אַנטיוכוס. |
| ( ) אַ תנא באַוואוסט פאַר זיין מילדקייט. | 4. הורדוס. |
| ( ) יידישע פּאַטריאָטן, וואָס האָבן געקעמפט קעגן רוים. | 5. מתתיהו. |
| ( ) אַ יידישער קעניג, פאַרהאַסט פאַר זיין גרויזאַמקייט. | 6. יוחנן בן זכאי. |
| ( ) איז געווען דער גרינדער פון אַ נייער רעליגיע. | 7. אַנוסים. |

( ) אַ גרויסער יידישער דענקער און דאָק־טאָר. — 8. עלילת דם.

( ) דער הויפּט פון דער אינקוויזיציע. — 9. מאַכמעד.

( ) אַ בלוט־בילבול. — 10. רמב״ם.

( ) האָבן באַהאַלטענערהייט אָפּגעהיט יידיש־קייט. — 11. קאַראַאימער.

( ) האָבן בלויז געהאַלטן פון די געזעצן פון דער תּורה. — 12. טאָרקוועמאַדאַ.

III. שטעל אויס אין כראָנאָלאָגישער אָרדענונג:

........ גלות בבל ........ יציאת מצרים ........ בר כוכבאס אויפשטאַנד

........ עזרא הסופר ........ צווייטער חורבן ........ גירוש שפּאַניע.

IV. שרייב אָן אַ קאָמפּאָזיציע פון אַרום 50 ווערטער אויף איינער פון די פאָלגנדע טעמעס:

1. יוחנן בן זכאי 2. די קרייצצוגן 3. רבי יהודה הלוי

4. גירוש שפּאַניע 5. די שפּאַנישע אינקוויזיציע.

---

א

ארום (עדוים)
ארומים (עדוימים)
אגדות (אַגאָדעס)
אמוראים (אַמויראָאים)
אבן עזרא (עוון עזרע)

ב

בר כוכבא (באַר כאָכבע)

ג

גליל (גאַליל)
גמרא (געמאָרע)
גאונים (געאוינים)
גלחים (גאַלאָכים)
גירוש (גײרעש)

ה

המכבי (האַמאַקאַבי)
הלל (הילעל)
הלוי (האַלייווי)

ח

חסידים (כאַסידים)
חשמונאים (כאַשמוינאָאים)
חנה (כאַנע)
חנוכה (כאַנוקע)
חסדאי איבן שפרוט (כאַסדאַאי איבן שאַפּרוט)

י

יוחנן (יויכענען)
ישו הנוצרי (יעישו האַנאָצרי)

יוחנן בן זכאי (יויכענען בען
זאַקאַי)
יבנה (יאַוונע)
דון יצחק אַברבנאל (דאָן
ייִצכאַק אַבאַרבאַנעל)

כ

כוהן גדול (קויהען גאָדל)
כותל מערבי (קויסל מאַאַראָווי)
כלבא שבוע (קאַלבאָ סאַוואוא)

מ

מודעין (מוידאָאין)
מתתיהו (מאַטיסיאָהו)
משנה (מישנע)
מורה נבוכים (מוירע נעוואוכים)

נ

נצרת (נויצערעס)

ס

סעדיה גאון (סאַדיע גאָען)

ע

עשרה הרוגי מלכות (אַסאָראָ
הארוגיי מאַלכוס)
עלילת דם (אַלילעס דאָם)

פ

פרושים (פּערושים)
פירוש (פּיירוש)

צ

צדוקים (צעדוקים)

ק

קנאים (קאַנאָאים)
קראים (קעראָאים)
קהילות (קעהילעס)

ר

רבי עקיבא (ראַבי אַקיווע)
רבי יהודה הנשיא (ראַבי יעהודע
האַנאָסי)
רמבם (ראַמבאַם)
רבינו גרשום (ראַביינו גערשאָם)
רשי (ראַשע)

ש

שמע ישראל אדוני אלוהינו
שמאי (שאַמאַי)
אדוני אחד (שעמאַ יִסראָ-
איל אַדוינאָי עלויהיינו
אַדוינאָי עכאָד)
שאלות (שיילעס)

ת

תורה שבכתב (טוירע שע-
ביקסאָוו)
תורה שבעל פה (טוירע שע-
באַאַל פּע)
תנאים (טאַנאָאים)
תשובות (טשואוועס)
תלמוד (טאַלמוד)

# קאַטאַלאָג פון קינדער ביכער

פון

# פאַרלאַג „מתנות״



פאַרבלאָנדזשעט, פון יעקב קרעפּליאַק, אילוסט. — אהרן גודלמאַן — .30

מוראַשקעס, פון חיים גאָלדבלום, אילוסט. — אהרן גודלמאַן — — — .25

יינגעלע רינגעלע, פון לעאָן עלבע, אילוסט.—אהרן גודלמאַן. 3טע אויפל. 2.50

גאָטס באַשעפעניש, דערציילונגען, י. מעצקער, אילוסט. חיים גראָס — 3.00

שמערל נאַר, פון שלמה סיימאָן, אילוסט. — א. גודלמאַן (3טע אויפל.) — 1.50

דאָס קלוגע שניידערל, פון ש. סיימאָן, אילוסט. — י. פרידלענדער (2טע אויפלאַגע) — — — — — — — — — — — — — — 1.50

דאָס טעלערל פון הימל, פון אַלעף כץ, אילוסט. — יאָסל קאָטלער — .25

אַדאַס לידערבוך, פון אפרים אויערבאַך, אילוסט. — העניך גליצנשטיין 1.00

קינדער יאָרן פון יידישע שרייבער, בוך 1, פון שלמה סיימאָן — — — 1.25

קינדער יאָרן פון יידישע שרייבער, בוך 2, פון שלמה סיימאָן — — — 2.00

יהושוע און שופטים, איבערגעזעצט, צוזאַמענגעשטעלט פון שלמה סיימאָן 1.50

טאָלי און טאָבי, פון י. מעצקער, אילוסט. — י. פרידלענדער — — — 1.50

ראָבערטס ווענטורעס, פון שלמה סיימאָן, אילוסט.— נ. קאָזלאָווסקי — 1.50

די דריי באַרימער, פון דוד ראָדין, אילוסט. — יצחק ליכטענשטיין — 1.50

דער ליבער יום־טוב, זינא ראַבינאָוויטש, אילוסטרירט, מ. ווייגער — — 3.00

וואונדער מעשות פון זשיאן באַטיסטא באַסילע, באַאַרבעט אויף יידיש פון יצחק האָראָוויץ — אילוסטרירט — — — — — — — — — 1.25

געשיכטע העפטן, 3 ביכלעך פאַרן 1־טן, 2־טן און 3־טן לערניאָר פון י. מ. גודלמאַן, 5־טע אויפלאַגע — צו — — — — — — — .40

חומש פאַר קינדער, לויט יהואָש, פון שלמה סיימאָן (4טע אויפלאַגע) — 1.50

מאָטל פייסי דעם חזנס, פון שלום עליכם, פאַרקירצט: י. זילבערבערג 2.00

קידוש השם, פון שלום אַש — — — — — — — — — — — — — 2.00

געבונדענע יאָרגענג קינדער זשורנאַל, שיין און שטאַרק געבונדן פער באַנד — — — — — — — — — — — — — — — — — 2.50

דער אָנהייבער, לערנבוך, פון דוד ברידזשער, אילוסט.—נ. קאָזלאָווסקי 9טע אויפלאַגע — — — — — — — — — — — — — — — 1.25

אַרבעטס־בוך צום אָנהייבער, דוד ברידזשער, אילוסטרירט, מ. ווייגער — .50



באַשטעלונגען ווערן פינקטלעך און שנעל אַרויסגעשיקט.

אַדרעסירט :

Farlag Matones, 22 East 17th St., New York 3, N. Y.